אלטער עסעלין

---

# אונטער דער לאַסט






●

בעקען, מיין פרוי
ווידעם איך דאָס בוך

●

דעם א. ע—ן בוך־קאָמיטעט
פאַר אַרויסגעבן דאָס בוך —
מיין האַרציקן דאַנק.
א. ע—ן

פון זעלבן אויטאָר
קנויטן
1927

געדרוקט אין שפּיגל׳ס דרוקעריי
2469 וו. ליסבאָן עוועניו
מילוואָקי, וויס.

I

צום ניט געפונענעם

II

אונטער דער לאַסט

III

מיט פאַרלאָפענע אויגן

IV

אין אָוונט-זון

V

בלוט טריפט — הייליק

VI

טריט אויף גלאָז

---

לידער מיינע,
איך באַשווער אייך:
זייט געטריי מיר.
די וואָס לעבן ניט ווי איך
זאָלט איר ניט דערגרייכן.

גייט אַריין אין די הייזער
פון מיין שוצלאָזן גלייכן,
וואו צאַנקען ביז פּערציק
איז וואונדער,
וואו טרוקן ברויט איז יום־טוב.

לידער מיינע,
זייט פלינק ווי בליצן,
זייט היימיש ווי יאוש.

---

# איך האָב זיך געריייניקט

אַז דו זאָלסט אַמאָל זיך באַווייזן,
אַז איך זאָל אַמאָל דיך דערזען, —
וועסטו מיך דערקענען — דעם קלענסטן,
אין רייע — דער לעצטער, אַ ריינער.

ווייל איך האָב מיין גורל געטראָגן
ווי אַ מאַמע איר קינד צום בית־עולם.
איך בין אין בלוט שוין געשטאַנען.
איך האָב זיך אין טרערן געוואַשן. —
גאָט, איך האָב זיך געריייניקט.

דו וועסט מיך דערקענען — דעם קלענסטן,
אין רייע — דער לעצטער, אַ ריינער.



## ווייספּלאַמיקער מקדש

ווי אַ ווינט אַ צעריסענער
דורך באַרגשפּיץ און וואַלדבוים
וועל איך קומען צום שוועל פון דיין טעמפּל, —
געאַנטער ווייספּלאַמיקער מקדש.
מיט אַלע מיינע אברים וועל איך זיך קניען:
גאָט פון דער גרויסער וועלט,
איך בין מיד פון שונא׳ס יאָך.
איך בין מיד און שוצלאָז.
זע, ווי אַ וואַסערפלאַנץ — מיין שטילקייט,
ווי אַ מעסער — דער טרויער אין די נעכט,
אומגליק קלעפּט אויף מיינע ווענט,
פינסטערניש שפּרייט זיך איבער מיר.
איך האָב שוין אַלץ פאַרלאָרן.

גאָט מיינער, גאָט מיינער,
נעם זיך אָן פאַר די וואָס הענגען איבער מיר
ווי מימאָזן אין שטורעם.

אז איך וועל דיך דאָרט ניט געפינען —
וואו נאָך זאָל איך דיך זוכן?
מיט הענט אין דער הויך,
מיט אַ האַרץ אַ צעפּליקטס.
די ערד איז האַרט
און פאַרמאַכט איז דער הימל.





## ווייז זיך, באווייז זיך

ווי אַ טרינקענדיקער זינקט —
האַכזאַמער פון אַלץ וואָס לעבט,
צאַפּלט מיט די האַרוואַרצלען,
זוכט מיט די פינגער אָטעם —
אַזוי זוך איך דיך,
האַר מיינער, גרויזאַמער און גוטער.

אָט איז דער לעצטער האַרץ־קלאַפּ,
דער לעצטער הרף־עין:
ווייז זיך, באווייז זיך —
מיין שאַנד זאָל ניט שרייען.

באַלד ווער איך שטיל און שווער,
נאָר זינקען קען איך ניט.
איך האָב דיך נאָך ניט געזען.



## פאַר דיר

פאַר דיר גייט איצטער אויף מיין צער,
עס איז די שעה פון פּיין און איך בין גרייט דערפאַר;
איך הער די מעוועס שרייען אין דער נאַכט,
נאָר שטיל איז אין מיינע דלד אמות.
מיין טרויער שטייגט קאַלט און דין
און פּלייצט ווי מערשוים אויף די פעלזן.
דיין אורגייסט העפּט זיך מיט מיין טרויער
און שוועבט איבער מיר און איבער טויטע זאַכן.

מיין געבעט:
עפן דיינע תהומען פאַר מיין איינזאַמקייט,
נענטער, נענטער צו דיר.
וואָס וועל איך טאָן, מיין גאָט —
באַלד ווייזן זיך די לייט
מיט רויש פון גאַס און לאַסט פון טרייסט.
שווער און איבעריק —
ווי אין וויסטע נעכט דער רעגן אויף אַ טייך,
וועלן פאַלן זייערע רייד
אויף מיין נשמה...

# גורל

איך בין פון שטאָלצע ניט געקומען,
וועל מיט שטאָלצע לייט ניט גיין,
נאָר ווען דער לעצטער רוף וועט קומען,
וועל איך מיט מיינע ברידער גיין.

ווי פאַרציטערטע און שטומע,
ווי פאַר׳משפּט׳ע צום טויט —
מיט אויגן אָפענע און פרומע,
מיט טרויער אויסגעשפּרייט.

גאָר דאָס בלוט אַרויסצוגיסן
אין דער קאַלטער ערד אַריין,
בלוט מיט זריעה אויסצומישן,
זאָל די פרוכט גערעאַטן זיין...

אייביק אין די גרונטן וואַכן
וועט דער זאָט פון אונזער בלוט.
זאָל אַ ברכה יענער מאַכן,
ווער ס׳וועט טרינקן אונזער בלוט.

# איך בין אָרים

מיין שכן האָט אַלץ —
אי ברויט, אי לאַנד, אי רום,
זיין לעבן שפּילט ווי אַ לוסטיקער וואַלץ.
זיין נאָמען ברענט ווי אַ פייערשילד
וואָס הענגט אינמיטן שטאָט;
אַ קנעכט איז אים אפילו גאָט.

אַ פויגעלע טרילט סיי טאָג סיי נאַכט
אין אַ גאָלדענעם שטייג אויפן וואַנט —
פון פרילינג אין יאַפּאַנס אַ וואַלד,
נאָר דער פויגל רעגט קיינעם ניט אָן,
דער פויגל וועקט קיינעם ניט אויף.
מיין שכן איז רייך, אים איז גוט,
גוט, און — אפשר ניט גוט.

נאָר איך בין אָרים, האָב גאָרנישט ניט,
בלויז אַ האַמער, אַ זעג און אַ דלאָט.
און ווען דער וואָלקנפלאַם ווי אַן אָרעם פון גאָט
ברענגט מיך אַהיים — מיינע שטומע פיר ווענט,
בין איך מיד
און קאָן מיינע הענט ניט הויבן צו גאָט.

און אַז איך הויב זיי אויף — פאַלן זיי אַרונטער,
ווייל די הענט מיינע זיינען נאָך שווערער פון יאָך
און גאָט איז מיר איינציק, ערשטער און לעצטער
פאַר מיין הארץ וואָס איז פול און אין בראָך,
פאַר מיין אויג וואָס איז טיף און לויפט איבער.

איך בין אָרים, איך האָב גאָרנישט ניט,
נאָר אַ האַמער, אַ זעג און אַ דלאָט,
און אַ דימענט וואָס לויכט אין מיין פינצטערער ליד,
און אַ טרער וואָס ברענט אין מיין תפילה צו גאָט.

# מײַן הײם

—1—

מײַן הײם אויף אַרימגאַס — אַ צענטער־פּונקט אין שטעטל.
באַשערט מײַן נאָמען הענגען אויף דעם שנאָרער־צעטל,
נאָר מיר איז ער אײַנבערײַנגלאָז אַפּילו אין רעליף,
וואו בירגער שטייען מיט רעגירונגס־בריוו
און וועגעלאַך פאַר שול־קינדער צו שפּילן.
אַז איך קום פון דאָרטן — גאָט, סאַראַ ווידערווילן
עס זעצט אין מיר צום גאַנצן לעבן.
— זעסט, היינט האָט מען ווידער ניט געגעבן.
מײַן אײַדעלע פרוי שווײַגט — איר שמייכל רעט
ווי טרייסט פון אַ פּאָעט.
— זאָרג ניט, טייערער, וואָס קומט אַרויס פון זאָרגן?
אפשר, אפשר וועט מען געבן מאָרגן.

—2—

איך וואוין צווישן שוואַרצע שכנים
וואָס רעדן הויך און לאַכן שטאַרק.
אַמאָל, אין אַ זומערטאָג אַ שײַנעם
רוישט ווי אַ מאַרק
מײַן מיזערע — מײַן גאַס.
איך שטוין: ווי קומט אַהער געלעכטער?

דער ים רוישט ניט, ריטומט ניט אַזוי.

—3—

איך האָב געוואָלט אַ ניגערל אַ קוש טאָן
ניט ווייל ער דערמאָנט דעם אָפּשטאַם פון אַ פּושקין
אָדער דעם געקרויזטן דיומאַ,
נאָר מחמת ראַסע פון אייזנהאַרטן נאַקן
(אַ שטריך נאָר פון מיין אומה)
ניט איבערצוהאַקן...
ראַסע וואָס איז מאַלפּע-מיאוס,
וואָס שנאה און וואַנזין קען נאָר מאָלן:
העלדזער פאַר תליות,
סקלעטן פאַר שפּיטאָלן
און — אַזוי הילכיק לאַכן...

דער ים רוישט ניט, ריטומט ניט אַזוי.

—4—

העי, זיידע — ביז רבי יצחק אלחנן,
פאַרוואָס זאָל איך ניט קאָנען
ל אַ כ ן, ל אַ כ ן!
ווי מיינע שוואַרצע שכנים לאַכן
פון תליה, הונגער און קנוט.

זיידעס מיינע, פון די אויביקייטן,
עס שוואַנקט דער עוד לא אבדה מוט
צו וואַרטן אויף משיח׳ס-צייטן.

## דיכטונג מאַנט

שווער זיינען געוואָרן מיינע הענט,
שטיין-גראָ און האַרט,
לאָם און האַמער האָבן איינגעבויגט מיין נאַקן,
זון-פלאָם האָט שוואַרץ געמאַכט מיין לייב,
שוויים-זאַלץ ברענט אויף מיינע אויגן —
און דער שונא שינדט,
און די דיכטונג מאָנט: —
נאָך בלוט און טינט...

## נאָך אים איז געבליבן

נאָך אים איז געבליבן אַ פרוי מיט אומעטיקע אויגן.
צוויי אינגלאַך — ווי טויבן געטראָפן פון קוילן.
איינער ווייסט שוין אַז דאָס גליק איז פאַרפלויגן
און וויל אַלץ דער לבנה דערציילן,
דער צווייטער — וויל וויינען און לאַכט...
נאָר גאָט דער ליבער, ליבער, אַ ליבער!
וואָס וואַכט איבער אַלץ און היט —
וועט אים היטן און ליבן.

און נאָך עפּעס איז איבערגעבליבן:
אויפן טיש אַ צעקנייטשטער פּאַפּיר,
אַ טרער וואו אַ וואָרט ניט דערשריבן...

## פּאַטום

צו וואָס די הינטערוועגן און די קרומע גאַנגען
און יעדעס מאָל אין אַנדערע געשטאַלטן,
אַז איך בין גרייט צום שניט ווי רייפע קאָרנזאַנגען.
איך וואַרט אויף דיר. צו וואָס זיך אויסבאַהאַלטן?

קום נאָר ניט אין בלינדן הרף-עין
ווי אַ כיטרער רויב-פויגל צעפליען...
פייגלינג, לאָז כאָטש פון די פענטעם זיך באַפרייען,
באַרעכטיק אַ שווערד אַנטקעגן ציען...

איך קאָן דיך שוין פינף און דרייסיק יאָרן,
נאָך פון מיין קינדהייט אַן איך דיין בליק ווי פון אַ פּיטאָן;
איצט זיצסטו אויפן בוידעם מיט אַ שטריק ווי אַ האָרן,
מיין האַלדז די ווייסע דאַרף די פּעטליע נאָר אַ צי טאָן.

נענטער, נענטער, אָט קריכסטו פון די שטיגן.
מיט טויזנט אויגן קוקסטו דורך דער דינסטער שפּאַרע.
סאַראַ פרייד אויף דיר: דו ווייסט אַז דו וועסט זיגן.
פאַר וואָס אָבער באַהאַלסטו זיך, פחדן דו ביזאַרער.

עפן אויף די טיר. קום אַריין און זעץ דיך.
צום לעצטן מאָל כאָטש דעמאַסקיר דיין פּנים. —
אפשר קענסטו און — וועסט מיך
מיט דעם ניט געפונענעם באַקאָנען...

## סאַלוט צום איינזאַמען

סאַלוט צו דעם וואָס זינגט דעם איך באַם ראַנד פון אונטערגיין
און שפּילט געטריי דעם טרוימענשפּיל וואָס קומט פון זיך
אַליין,
ווי מילך אין מוטערברוסט וואָס טריפט אין זויגלינגס מויל,—
ביז אָנהייב מישט זיך אוים מיט סוף און פאַלט ווי פון אַ קויל.
קיינער מיידט ניט אוים דעם פאַל: האַר צי וואַגאַבונד.
עס איז דער נאַר וואָס פליגלט הויך, דעם חכם ציט צום גרונט.
קען זיין דאָס איז דער שיידוועג בלויז, איך גלויב נאָך אין
דעם נס
וואָס מאַכט אַז דער דערנידעריקטער ווערט דער הערקולעס.

דער שענסטער איז דער איינזאַמער, אפילו אין אַ שיינק,
וואָס שטומט אין קרייז פון היימלאָזע אויף קרעכצנדיקע ביינק
און זעט דאָס גאַנצע לעבן זיינס—אַ פינסטערער סימבאַל,
אַז פּאַר אַ פלעשל, ווי פאַר גאָט, צעוויינט ער זיך אַמאָל;
און ווייל ער ווייס שוין אַז דאָס וויינען איז דאָך אויך אומזיסט,
איז נאָך אַ שלונג, אַ ברען אין קעל, און ווי אַן אַמעטיסט
פינקלט אויף אַ בייזער שפּיי אין ווינקל פון דעם דיל,
ביז וואָר פאַרשווינט, און חלום קומט אינטים און טויבנשטיל.

דער קעניג טרוימט פון מאַכט און לאַנד, דער בעטלער טרוימט
פון ברויט,
אַז וואויל איז דעם וואָס האָט אין טרוים אַ לופטשלאָס
אויפגעבויט,
און אויפן טיר אַ שילד: דאָ וואוינט דער טרוימער ווי אַ גאָט

און ווייסט ניט אַז ער וויקט זיך גאָר אין רינשטאָק פון דער
שטאָט,
און רעט זיך איין אַז ער איז האַר—אַ העלזועער אין גראָ
נאָר אונטער אים, דעם העלזועער, קיין באָדן איז ניטאָ;
אָט דעמאָלט איז די שענסטע צייט צו זען ווי עס פאַלט
דער ליכטיקער, דער בלענדנדיקער וואָס האָט אויסגעשטראַלט.

נאָר ווייַ איז דעם וואָס האָט שוין אַלץ פאַרשפּילט ווי אין
אַ וועט,
און זעט אַלץ קלאָר אין וואָר און ווייסט שוין אַז ער וועט
באַשטענדיק זיין די לאַם וואָס יעזוסט אונטער קוילערס האַנט,
ווען אַלץ אַרום לעבט אויף אין ריטואַל פון שאַנד;
אַזוינער וויים שוין אַז אַ מיסטקאָן שטייט בײַ יעדער הויז,
און שטיקער ברויט, און פלייש און טאָרטן, וואָס מע וואַרפט
אַרויס
געהערט צו אים, דעם אויסגעטיילטן.—אַז געבענטשט זאָל זיין
די אַלטע מילראָד וואָס צעמאַלט דעם צדיק ווי דעם שווין.

און נאָך און נאָכאַמאָל זאָגט ער צו זיך אַליין:
**פאַרשעמט בין איך. שטום בין איך. איך גלייך זיך צו אַ שטיין**
וואָס איינזאַמט אויף אַ שטיקל מאָך־באַזוימטער ערד
(און אפשר האָט ער אויך אַ האַרץ, קען זיין ער זעט און הערט
דעם גזר פון קומען און פאַרגיין, דעם פּיין פון מוזן זיין:
אַן עדות, אַז עס רוט ניט הבל און עס רוט ניט קין),
און שטומט אין אויביקייט, און נעסטלט אין דער שטיל
דעם שטומען, אָט ווי ער אַליין, דעם פינצטערן רעפטיל.



דער חכם אַנט סם וואָס יערט אין עמבריאָ פון וואָרט,
כאַטש זיסקייט הייטלט אים אָרום ווי צוקער אויף אַ טאָרט.
ניט איינער האָט אין בראָך פון לייד ביים ווענדן זיך צו גאָט
דאָס מויל פאַרמאַכט, און שטום געקוקט ווי אויף אַן עשאַפאָט,
און מער שוין ניט געפרעגט, געמאָנט דעם אויביקן פאַרוואָס?
נאָר הייסער טרער וואָס בלאַנקט און שנייט ווי דימענט
אויף אַ גלאָז —
שנייט דורך אַמאָל, ברענט דורך אַמאָל דעם מחריב׳ם קאַלטע
שווערד
און ליוליעט איין אין ווייסער רו ווי צוויט אויף וואָרים ערד.

אַ טרוימענטרייסט, קום נאָך איינמאָל צו דעם וואָס האָט
פאַרברענט
אַלע בריקן הינטער זיך, און האָט דאָך ניט געקענט
דאָס אויגן האַרץ, אַ—זיך אַליין אַ וואָרף טאָן אויך אין פלאַם,
און איז געוואָרן ווי אַ ליכט וואָס ציטערט אויפן ים: —
אַ באַדנלאָזער שווינדלשיין אויף וואַסערשטויב און ווינט,
אַ ציטעריקער צויבערער אין פוסטן לאַבירינט,
אַן אומעטיקער רוף צו די וואָס זיינען איבערזאַט —
ווי ווערטער אין אַ הייליק בוך און טרער אויף יעדן בלאַט.





## אונז געהערט

אונז געהערט אַ שוואַרצער שטח שטאָטיש האַרטע ערד,
שטייגן גאַריקע פון שטאָל און שטיין מיט קרעכצנדיקע
טרעפּ, —
און גראָבע ברויט מיט באָב און קרויט צום פּרעס פון
שוואַרצע טעפּ,
און קרייטעכער וואָס פּאַסן פּאַר מאַלפּעס און פּאַר פערד.

אַלטע טוך וואָס פוילט אין קראָם, געפעלשט נאָך אין
פאַבריק, —
מיט דעם באַנייט דאָס אָרים ווייב אי זיך, אי מאַן, אי קינד;
און ווי מע טוט איז שלעכט, און וואָס מע טוט איז זינד —
און אויג זעט, האַרץ פילט — כאָטש בינד די הענט מיט
שטריק.

אונז דערשמעקט די קרענק צו ערשט און שפּרייט זיך ווי
אַ פּעסט,
צעלייגט אונז ווי ליזאַרדן — רירלאָזע אין שלאָף;
און אָפט באַפאַלט מען אונז ווי פּרעריע־וועלף — שאָף.
טויטע נעמט מען צו. מע וויינט און מע — פאַרגעסט.

טויזנט מאָל געהערטע ברכה פון דעם רב און פּריסט
שאַלט נאָך אַלץ אין גאָטעס הויז — דאָס ליגנערישע קול;
און אַז מע פאַלט צו־פרי אין יאַך, איז דאָ אַ שטאָט־שפּיטאָל...
זיסע רו: אַזוי אַמאָל ווערט אונזער לעצטע שעה פאַרזיסט.



## צום געקרייציקטן

נאָך פון מיין זיידנס וואלד
און פון שוואַרצע פליטן וואו דער דניעפּער קוואַלט —
איז מיר באַקאַנט דער ריח פון האָלץ;
דער גלאַנץ פון ווייסע שפּרינגענדיקע שפּענער
האָט אָפט מיין אויג געבלענדט.
וויפיל מאָל האָט שטאָלץ מיין האַרץ געקלאַפּט
נאָך טעג פון מי און זיג איבער קלאָץ און ברעט —
ביז פאַרטיקייט פון טיש, שראַנק, בופעט.
אָט די פרייד פון מאַכן שיין נוציקע זאַכן
און ווי מיט היפּער-חושים גלעטן די גלאַטע אויבערפלאַכן
פון גזימסן, קאַרניזן, פוגעס און פּאַנעלן;
ווען הנאה פון אייגענעם באַשאַף זינגט טיף
און האַרץ שלאָגט שטאַרק.

נאָר מיר איז אויך באַקאַנט דער וועג צום מאַרק;
אַהין פיר איך מיין ווערק, מיין אויסגעפּוצטע מי,
מיין מי, מיין פראַכט צום פעטן פרעכן נאַר,
און נעם פאַר ליב דעם שטיין, דעם לוין דערפאַר;
ווייל דעם זיגערס פויסט איז אייזנהאַרט,
(איך וויים דעם טרייסט — איז אומטרייסט אויך)
ווי געדולדיק דער דינער וואָרים וואַרט;
ער עפנט אים און מאַכט אים ווייך.

## אונטער דער לאַסט



נאַר ווען טאָג פאַרגייט אין אומעט און אין שטילקייט,
ווי מיין לעבן אַרום די פּראַסטע אָרימע מענטשן,
און מיך נעמט אַרום דער ברייטער אָוונט-טרויער
ווי אַ פעלז דעם ים —
און ווערן זיך קאָן איך ניט;
ווען הייסע ווערטער ברענען אויף מיין גומען
און זאָגן זיי קאָן איך ניט, — —
דאַמאָלט גלייך איך זיך צו דיר,
סטאָליער פון נצרת.



# מיט מיין קלעם

שווער און מיזאַם ווי מיין לעבן
שפּאַן איך מיט מיין שווערן קלעם. —
איך האָב אַ שבועה זיך געגעבן
ניט צו שעמען זיך מיט דעם.

עס זאָל מיין דלאָט, מיין לאָם און האַמער
ניט פאַרשעמען מיינע הענט,
ווי אין לייב פון מיינע שטאַמער —
בלוט, וואָס פון מיין זיידן ברענט.

אויף מיינע פּלייצעס — לאַסט פון אייזן,
ווי שאַגאַל וואָלט אויסגעמאָלט;
פאַר גאָט וועל איך מיין האַרץ באַווייזן —
כ'האָב מיט דעם פאַר ברויט געצאָלט.

## אויף פרעמדן באָדן

איך האָב געזייט אויף פרעמדן באָדן,
בוימער — גערטנער געפלאַנצט.
און אז די ערד האָט אויפגעזאָדן
האָט אין מיר דאָס האַרץ געטאַנצט.

כ׳האָב ניט געגרויסט זיך מיט מיין יחוס,
נאָר מיט די פרוכט פון מיינע הענט:
— ציילט די בוימער, שמעקט די ריחות.
כ׳האָב ניט אומזיסט מיין מי פאַרשווענט.

האַלץ, אויל, פעלץ און וואָל
האָב איך געגרייט אויף ווינטער צייט;
איך האָב געטרוימט: דאָ וועט אַמאָל
מיין גוטער נאָמען קלינגען ווייט.

נאָר ווען דער לאַנדווירט איז געקומען
מאָנען דאָס „וואָס אים געהערט״
האָט ער די פרוכט פאַר זיך גענומען —
און מיר געשענקט אַ קבר ערד...

# באַלאַדע פון אַן איבעריקן

אַ מענטש אַ פינצטערער, וואָס פירט אַ וויסטן לעבן,
האָט מיך אָפּגעשטעלט מיט אַ שחיטה־בליק,
און ווי אַן אייזבאַרג, וואָס שטייסט אַ שיף צוריק,
מיר „גריסנדיק" אַ האַרטע האַנט געגעבן.

כ׳האָב קיינמאָל ניט געזען ווי אַ צדיק רעדט צו גאָט,
איך ווייס ניט ווי אַזוי גאָט היט אים אויס פון שלעכטס,
איך ווייס נאָר אַז עס העלפט ניט קיין תפילה אָדער קרעכץ,
ווען עס טרעפט דיך אָן אין גאַס אַ בן־נבט.

איך אייל, מיין הער, האָב איך געזאָגט, איר זעט,
דער זייגער איז שוין אַכט, מיר גייט אין פּינקטלעכקייט —
צום בלענדשילד איבער אונז — די זלידנע ליכט וואָס שרייט:
דזשאַן באַרימאָר שפּילט דאָ היינט האַמלעט.

און איר, מ׳גריסט ניט מיט די הענט צום ערשטן מאָל,
מיר אַרט שוין ניט וואָס איר זיינט ניט ראַזירט, —
אַ ראָק אָבער פאַרקנעפּלט מען, ווער רעדט נאָך ווען מ׳פרירט,
איר טרינקט, מיר דוכט, שוין צופיל אַלקאָהאָל.

אַ רגע שווינדט. ער ענטפערט ניט. נאָר שולדיק איז די צונג,
וואָס זעלטן ווען געפינט זי דאָס געטרייע וואָרט.
ער שוויגט. איך שוויג. איך שפּיל מיין לעצטע קאָרט.
איך טראָג מיך אָפּ, אַ גוטע נאַכט דעם „דעספּעראַדאָ־יונג".

## אונטער דער לאַסט

אַ שלאַנג טוידט מיטן צונג, אַ טיר — מיט ציין און האָרן.
אַ מענטש אָבער האָט פיין געשמאַק (און טוט ווי שלאַנג
און טיר, —
וואָס אַרט מיך אָט דער מענטש, וואָס פּלאָנטערט הינטער מיר,
צי זוכט ער ניט דעם אָפּבונד פון די יאָרן?

אַזויפיל איז דאָך דאָ אויף אַ מענטשלעך געזיכט,
גיי קלייב זיך דאָ פונאַנדער אין צופאַל און קאַפּריז, —
אַז אַ קרים נאָר מיט די ליפּן טוט אַ ביס,
כאָטש יענער ווי אַ פּיקהאָלץ נאָך אַ וואָרים קריכט.

איך קער זיך אום (עס בייסט אַמאָל דער וואַנציקער געוויסן):
— פאַרגיט מיר, פריינט, מ'עט היינט האָמלעט ניט שפּילן.
פאַרשפּיליעט זיך, ס'איז קאָלט, איר וועט זיך נאָך פאַרקילן.
איצט זע איך אים אַנאַנדערן — אַזוינער וועט ניט שיסן.

ער קוקט אויף מיר ווי דורך אַ גלאָז און איך רעד וועגן וועטער,
זיין לולקע קנאַקט פון נאַסן שניי, די ליפּן ווילן שלאָפן.
איך פרעג: „זיינט איר היימלאָז, אַרבעטסלאָז? געטראָפן?”
און ער: „אָ העל! ענד עי העל אָוו עי לאָט דאָז איט מעטער!”

פאַראַנען וואונדערשיינע ווערטער — נעם באַגראָב זיי,
און ס'איז ליד.
הערסט זיי, זינגסט זיי, און פאַרגעסן. נאָר פאַראַן אַזאַ מינוט—
הערסטו ווערטער האַרבע, שווערע, טו אַ שניט —
שפּריצט בלוט,
שטענדיק ברענען זיי אין אויער, זיי פאַרגעסטו קיינמאָל ניט.

איך מערק אויף אים אַ ציטערן, אַ צוקן מיט די אַקסלען,
און ווי אַ בוים פון אונטערן האַק—ער פאַלט, ער איז געפאַלן.
מ׳הויבט אים אויף (אויף דעם געפינט זיך איצט אַ בעלן)
אַ בלאַ־באַפּראַקטער נאַפּאַלעאָן פון ראָג איז אויסגעוואַקסן.

„ווער איז דער מענטש? צי האָט אים ווער געקענט?
צי איז ער ניט אַ שיסנדיקער פויגל ווי קאַפּאָני?*)
נאָר אין שטאָט־שפּיטאָל, וואו מ׳האָט אים אויסגעטאָן,
האָט מען אין קעשענע געפונען לויזיקע פיר סענט.

אַ יוניאָן־קאַרט, אַ בריוול אין אַ ברודיקן קאָנווערט,
אַ קינדערבילד אין פלעקן און אויף זאַמד צעקריזשלט ברויט.
דער מענטש האָט זיינע אויגן צו דער סטעליע אויסגעדרייט,
אַ זייע געטאָן אַ וואָרט וואָס איז אין דרוק פאַרווערט.

מער ווייסט מען ניט, מער רעדט ער ניט, מער וועט ער שוין ניט ריידן.
דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן: „הונגער־טויט די סיבה״, —
איצט קומט, באַרמהאַרציקע און איר אַלע ליבע,
לאָמיר אים פון מאָרג פירן אין גן־עדן.

און אויף זיין קבר שטעלט אַ שטיין: דאָ רוט ווי אַ מאַגנאַט —
אַ שמיד פון אַלאַבאַמאַ, מיט הענט ווי אייזן שטאַרק,
נאָר איבעריק איז ער געווען ווי אָפּפאַל אויפן מאַרק,
און ווי האָט ער געהונגערט, ווען לומפּ און הור איז זאַט.

*) נאָמען פון אַ באַוואוסטן אונטערוועלט־העלד.



ס׳האָט קיינער ניט געזען, ס׳האָט קיינער ניט געהערט
וואָס ער האָט דערוואָרבן וואָס צו אים געהערט, —
ווען ער איז דורכן לעבן געגאַנגען אויף דער ערד
ווי אויף אַ בריק — דין ווי אַ נאָדל, שאַרף ווי אַ שווערד.

## באַגינען אויף דער עווניו

האַרטער פּערלמוטער פּלאַצט אין בלויען נעפּל.
דער מאָרגנשטערן — אַ גאָלדענער עפּל
היינגט הויך אין דער מאָרגן־קעלט.
קורצע קאַלטע גאַסן ווי באַשמירט מיט צין,
ווייסער קערער קריכט מיטן בעזים ווי אַ שפּין.
ווייט — דינע זאַלפּן שראָט,
ווי אַ באַלאַגערונג הינטער שטאָט.
עס יערט די לופט,
ביים האַפן רודערט, אַ סירענע רופט.

נאַכט־מאַדאָנע וואַקלט אויפן ברוק און שעלט
זיך, די ליבע און די וועלט.

אייל, זון, דערוואַרימסט יעדן זומפּ,
הייל אויף אַ קינדיש לייב
די ביסן פון אַ לומפּ.





# ביי אונז אויף די גאסן

עס איז ניט אַזוי אונזער גאַס ווי דער מאַלער טוט מאָלן —
איז וואָס אַז ער שמירט אונזער דאַך מיט דעם גאָלד פון
די זונען,
אַז ער ווייס ניט ווי היימיש דער טויט קוקט אין אונערע שויבן,
ער האָט ניט געזען דאָס פּנים פון מאַמעס אין הונגער.

ווי שיפן אין נעפּל, פאַרשלונגענע טעג פון דער פּראַצע —
זעקס טעג אין דער וואָך, ווי אויף העלפאַנט־פיס גראָבע;
אין רו־טאָג און יום־טוב, אַט האָב איך דעם פּנקס און לייען
די טעמים פון „האָט דאָגס" און אומלוסט צו אייגענע ווייבער.

אַ חרוב׳ע מויד ווי אין דעמער, אַט גייט זי פון אונזערס
אַ געגנט,
אַזוי גייט אַ קלאָון נאָך זיין אמת׳ן אייגענעם טרויער.
(אליין דאָס העמד זיך געוואַשן, דער נאַכטיקער פּרייז זאָל
ניט פאַלן)
פאַרטאָג וועט זי ברייננגען דעם גרויל אין די אויגן און פלאַם
פון עקזעמאַ.



און אונזערע קינדער — ווי דין זיי צעפּלייטן וועלט־נײַס
אויף ראָגן:
אַ קאַץ איז געשטאָרבן, און אַף האָט גע׳מפּל׳ט אין זיידנס;
און אין ליכטיקע ווייטן עקרים באַפליכטע זינגען
לבנה־נגונים —
אַ דאַנקבאַרער הערט זיי דער קעלנער אין פראַק,ווי אַ מומיע.

און גאָרנישט איז אייגנס ביי אונז אויפן טיש דעם געגרייטן,
אפילו דער טרויער איז אויך שוין אַ טעמפּער אַ ברודיקער
חלף —
ער שנייט ניט, נאָר קיצלט באַבעלמעטע אויגן פון מאַלער,
און בעט זיך: באַצירט מיך אין גאָלד ווי דעם ליגן.

# איצטיקס

ניטאָ שוין קיין לירע,
דער זשאַוועד האָט לאַנג שוין די סטרונעס צעפרעסן;
אויב עס שטייט נאָך ביים פענצטער דער אַלטער אַרלעקין,
איז אַזוי ווי אַ מומיע — אים צערטלט שוין קיינער.
אין טונקעלע זאַלן, ביים וויין־שיין, אין נאַכט־רו
הויערט דער שטויב אויף די ווייכע דיוואַנען
און קנייטשט זיך אין פאַלדן.
די ראָז־ווייסע הענט פון די איידעלע דאַמען,
הענגען אַרונטער — באַפּראַנזטע אין זיידנס —
פאַרבענקטע צום שאָטן פון צאַרטן מאָזאַרט.
נאָר דער גלאָק און טרומפּייט און דער פּויק אויף די גאַסן
דערגרילצן דעם טרויער אין זאַלפּיקן ריטם.
זאָל ווער עס וויל טאַנצן אַ פרעכטאַנץ, אַ פריילעכס,
זאָל ווער עס וויל קלאָגן אַ יאָמער, —
אַלציינס פאַר דעם בלייאיקן הימל.

ניטאָ שוין קיין כהן, קיין לעמל אין משכן,
דער אורים ותומים איז לאַנג שוין צעשמאָלצן,
עס קרויזט ניט קיין ווייראויך פון גאָטישע שפּיצן,
עס פערכעט די ליריק פון ישו הנוצרי;
אַ קלאָון אַז ער וויל רעדט ווי משה בן עמרם;
אַ זונה טיילט צדקה דעם נזיר ביים גאַנגעס,
ס׳איז חלף, אַלץ חלף, נישט אָקס בלויז דער קרבן, —
ס׳איז די גאַנצע ערד אַ מזבח אַ רויטער

און ניטאָ ווער זאָל שטראָפן, ניטאָ ווער זאָל בענטשן.
אָ, ווער וועט די דינקייט פון טיף פיין דערהערן,
און ווער וועט פאַרווערן
צו רעווען מיט גרוילן, מיט בלוט צו דערהיצן
די שטאָל-קאַלטע פלאַכן, די קובן, די קריצן —
ביים פאַלן און אויפשטיין.

## געבורט

צום סוף פון טאָג, ביים פראַצע פון געוועש —
האָט זיך די יונגע נעגערין אַ לעצטן מאָל
די היפּטן און דעם בויך באַטאַפּט.
דערזען אַז די פיס אירע פלאַצן פון דער הויט;
דאָס שוואַרצע לייב איז מילגרוימיק און שטייף
און ווי אַ חלף וואָלט געשאָבן אונטערן דיך,
האָט זי זיך פאַרטראַכט: — שוין צייט?
איז זי צו צום מאַן, דעם ברייטפּלייציקן אַטלעט:
— העי מאַן, גיב אַכטונג אויף די גרעט.
איך גיי. —
און האָט זיך אַליין אין שטאָט-שפּיטאָל געפירט.
האָט מען איר אין בוך מיט אַ ציפער נומערירט
און מיטן סטאַרטשענדיקן בויך אין ווייסן בעט געלייגט.
אינוואַלידן און מאַדאַנעס ליגן שטיל,
נאָר ניט אַ פּראָסטע נעגער-ווייב, וואָס גייט צו-קינד.
האָט זי זיך געטאָן אַ בויג און אַ דריי ווי אַ וויכערווינט.
און איינמאָל אַ געוואַלדיקן געשריי
ווי אַ קראָ וואָס זעט דעם טויט.

אַז דער ערשטער פּליט פון קינד האָט זיך דערהערט
אין ווייסן חלל פון שפּיטאָל,
האָט דער אַלטער דאָקטאָר מיט אַ האַרבן קול
צו די אַרומיקע ווייס-באַמאַנטלטע לייט געזאָגט:
קוקט, אַגנאָסטיקער, און זעט — גאָט'ס שפּע'דיקע גאָב;
די אָרימע קינדלען גרינג, שיטן ווי מיט באָב,

## אונטער דער לאַסט

דער פּעשנאַבעלער און רייכער איידלפרוי
באַדאַרף מען אָפּט דעם בויך פּאַנאַנדערשניידן*)
און קליינע צעזאַרס שטאַרבן אונטערן מעסער.
צו דער וואָך האָט זי אַהיים, אין עלנט שטוב
איר נאַכטיק סאַמעטענעם קינד געבראַכט,
מיט אירע נייע גרינגע הענט
דעם קינד אויפן ברייטן בעט געלייגט
און צום גאַפּנדיקן מאַן האָט זי אַזוי געזאָגט:
העי, ניגער, זע נאָר ווי דאָס סמאָטשערט מיט די ליפּן —
דער יונג איז אין דיר געראָטן,
מיט נייגונגען צום פרעם און שווערן שלאָף.
ער ליגט דערווייל נאָך ווי אַ קראַנקער קראָט,
נאָר אויפן קאָפּ קרויזט זיך אים שוין דינער קופּערדראָט
און אויגן האָט ער פול מיט שוואַרצן דימענטשטיין.
אַז ער וועט גרויס ווערן וועט ער אין דיינע וועגן גיין
און היינגען אויף די הייספּלייציקע מוידן פון זיין שטאָט,
אין שענק פאַרשווענדן זיינע טעג און אין געפעכט—די נעכט.
נאָר איך וועל אים באַקענען מיט גאָט און איידלקייט. —
דערביי האָט זי איר פייכטן בליק צום ווינקל-לאָמפּ געווענט
און אין הארצן האָט געבאַקט די ליבע צו איר קינד
ווי הייסער מעש —
און צאַרט ווי דער נאַכטיגאַל.

*) „סיסעריאַן שניט" דורך וועלכן יוליוס צעזאַר איז געבוירן.



## פון אפגרונט

אינטימער און שטרייגנער קאַלעגע,
איך ענטפער דיר איצט אויף דיין בריוו,
כאָטש מיר איז ניט גרינג אין דער רגע
צו גריבלען, ווי דו, אין דער טיף.

פרעגסט: וואָס דאַרף מען איצט לידער
ווען ספער זינגט דורך קופּערנעם דראָט?
צי טוט מיר דאָס האַרץ ניט אַ ציטער
ביים בלייענעם בליק פון ראָבאָט?

צווייטנס — וואו נעמט מען אַ דיכטונג
פאַר דעם פאַרמאַטערטן שטיר?
און אַז דיר איז דערווידער מיין ריכטונג,
דער פינצטערער טרויער אין מיר.

פון ריכטונגען וועל איך ניט ריידן.
איין ריכטונג פאַר מיר — און איך גלויב:
זי ציט זיך פון זיידן נאָך זיידן
און טונקלט ווי דימענט דורך שטויב.



איך בין דיינע טענות מקצר —
סיי־ווי איז נאָר וויכטיק דער תוך.
זיי וויסן, קאָלעגע, דו שאַצער,
איך גלייך זיך צום שטיר־אָקס אין יאָך.

קנעכט און דיכטער — איך בין עס
זינט איך געדיינק זיך געוועזן;
מיר גייט ניט אין פּאָזעס און מינעס,
אין צאַצקען זיך מיט דער פּען.

ווער עס האָט דיכטונג דערפונדן,
דער האָט דערפונדן — גאָט.
נאָר דיכטונג היילט ניט די וואונדן
אויף לייב פון דעם מענטש־ראָבאָט.

זי טוט נאָר אַן עקבער אין הארצן
באַ דעם וואָס איז גרינג אויף אַ טרער. —
איך געדיינק נאָך די לידער פון נאַדסאָן.
איך ווייס — מע זינגט זיי ניט מער...

פּאָעטן קאָנען ניט היילן,
טרייסטן קאָנען זיי יאָ;
נאָר קיין טרייסט, די לידער דערציילן,
איז פאַר דעם טרייסטער ניטאָ.



אויך איך האָב מיט לידער געפיבערט,
געציטערט ווי אַספּען אין ווינט,
און — מיזעריע, כאָטש זי דערנידערט,
זינגט זי דאָך טיף ווי פער גינט.

גלויב, עס איז ניט איבערטריבן
ווען איך זאָג (כאָטש איך וואָלט ניט געטאָרט)
אַז איך האָב לידער געשריבן
אָפּטמאָל אין אומריינעם אָרט.

ניט מיין אַז איך שפּיל דעם וואולגאַרן
און פּראַווע וואוּיליונגעריי,
אָט די מיאוסע שרייב-געפאַרן
בין איך לאַנג שוין פאַרביי.

איך פלעג מיך אין „ביידל״ פאַרשליסן
מיט בליישטיפט אין קויטיקע הענט —
דער שוויים האָט די אויגן געביסן,
די פינגער — פון פערזן געברענט.

באַם דיך איז דער האַמער געהאַנגען
מיט טשוועקעס אין פאַרטוך פאַרשטעקט,
אַז מיך האָט די „מוזע געפאַנגען״
ווען איך האָב גאָר ברעטער געזעגט.



און אַמאָל אויף אַ דאַך אויף אַ פּלאַכן
באַם נעגלען די שינדלען אין „וועלי"*)
אַך, ניט געוועזן ווער זאָל לאַכן:
זעט: — אויפן דאַך זיצט אַ שעלי.

אַ שעלי (כ'האָב אונטערגעשטראָכן,
אַנטשולדיק פאַר דעם מעטאַפאָר),
וואָס טראָגט זיינע טאָפּעלע יאָכן
אויף אַ בריק וואָס איז דין ווי אַ האָר.

די יאָכן ווערן אַלץ ליבער,
נאָר עס הוידעט די האָר־דינע בריק. —
איז אָדער מע גייט זי אַריבער,
אָדער מע ברעכט דעם גניק.

נאָר ס'איז דאָ אַזאַ פרייד אין דעם וואַגן
פאַר דעם וואָס איז נאָך ניט גענוט;
עס באַרעכטיקט אפילו זיגזאַגן,
נאָר וואַקלען באַרעכטיק איך ניט.

זאָל זיין אַז דער תהום איז נאָך טיפער
ווי עס מעסט אים דאָס אויג פון אַ פחדן, —
נו, וויל איך, ווי לאָרעליים שיפער,
די אויגן אין שיינקייט פאַרמאַכן;

*) וועלי — אַ דאַך־רינווע.

## אַלטער עסעלין



איין אויגנבליק פליענדיק שטראַלן,
ווי אַ צעשמעטערטער שטערן;
זאָל פּאַטום אַנטשיידן מיין פאַלן,
ווי גראַוול דורך גאָלדענע רערן.

נאָר איך — פון אייזן מיין ווילן,
געלייטערט פון פּראַצע און נויט;
ניטאָ אַזאַ קראַפט וואָס זאָל שטילן
מיין בלוט ביז דעם טאָג פון מיין טויט.

איך אַן, ווי זעלטענע אַנען,
פון זאַכן דעם פיינערן זין;
איך שטאַם איך וויים שוין פון וואַנען,
כ'געהער — איך וויים שוין וואוהין.

פאַרגיב וואָס איך רייד אַזוי זיכער,
קאָן זיין דיך שאָקירט אָט דער שטריך;
איך הייל ניט מיין צווייפל מיט ביכער,
איך הייל אים מיט גלויבן אין זיך.

ניט שיין וואָס איך ברייננג אויף די ליפּן,
איך פאַרשוועך דאָך דעם כבוד פון וואָרט.
נאָר וואָר — איך האָב לידער געשריבן
אונטער שלאָס פון אַן אומרייננעם אָרט.



נאָר ריין איז מיין ליד און מיין נאָמען,
מיין גורל — איך זאָג זיך ניט אָפּ —
איז צו טראָגן מיין האַרץ ווי סאַלאָמע
טראָגט יוחנן׳ס בלוטיקע קאָפּ.

אין טרויער, אין פרייד — נאָר אין גלויבן,
און ווער עס האָט אויגן — זעט:
עס האָט זיך פון נידער דערהויבן
אַ קנעכט, אַ קנעכט אַ פּאָעט...

— — — — — — — — — — — — — —

כ׳בין איבערפילט נאָך מיט סטראָפן,
נאָר אין פענצטער גרויט שוין דער מאַנטיק.
איך האָב די נאַכט ניט געשלאָפן
און מיד בין איך ווי נאָך אַ יום־טוב.

איך ענדיק מיין בריוו צו דיר, חבר.
פאַרגיב מיר פאַר רייד אין אַזאַרט.
עס שמעקט איצט מיט יונג־טאָג און קלאָווער,
און אַ שווערער טאָג אַרבעט וואַרט.

# דער נאר און די לבנה

קאַלטע שטערן אין דער נאַכט
הייִנגען ווי אויף דראָטן,
דאַכט זיך די לבנה לאַכט
פון מיר און פון מיין שאָטן.

— וואָס גייט אַ מענטש בייִנאַכט אַזוי ?
וואָס זוכט ער און וואָס דאַרף ער ?
ווען אויף דער פוסטער גאַס און שניי
ברענט אַ פראָסט אַ שאַרפער.

— עך, לבנה, גרינג איז דיר
פון איינזאַמען צו שפּאַסן,
ווען עלנט טרייבט אויף אַ „שפּאַציר" —
זוכט מען פוסטע גאַסן.

און ליב ווערט אויך דער האַרטער שניי
וואָס בלענט אין בלוי ווי דימענטן,
ווען האַרץ איז פול מיט יזכור־ווייי
און קאָפּ אין פיבער דמיונ'ט.

## אונטער דער לאַסט

צוואַנציק יאָר, אַ גראָבע צאָל,
עס ווילט זיך ריידן, ריידן;
אַ טיטום־פליג נאָך פון אַמאָל,
אַ בלוט־טייך מיט אַ זיידן.

אָ, לבנה, זע, עס שפּרינגט
אַ טיגער אויף מיין נאַקן,
און מיט אַ האַק — אַ שכור שווינגט,
ער וויל וואָס איבערהאַקן.

— עך, וואָס גריבלסטו זיך, נאַר,
מיט זאַכן וואָס פאַרלאָפן.
עס איז ניט מאַי, עס איז יאַנוואַר.
האָסט אַ היים, גיי שלאָפן.

— איך האָב אַ היים, אַ דאַך און ווענט,
שווער איז דאָרט צו זיצן;
געמיינט אַז דו האָסט רחמים־הענט
פון איינזאַמקייט צו שיצן.

— — — — — — — — — — — —

קאַלטע שטערן אין דער נאַכט
היינגען ווי אויף דראָטן.
דאַכט זיך די לבנה לאַכט
פון מיר און פון מיין שאָטן...

## פון עבר

—1—

וואָס טוט מען מיט מיין זיידנס תפילין-זעקל?
אַ רעשטל פון זיין ליבן נאָמען,
וואָס איך האָב אויף טראַקטן פון מיין וואַנדער מיטגענומען;
דער שדי בלאַנקט נאָך אויפן שוואַרצן סאַמעט.
איצט ליגט עס אין מיין קופערט ניט פאַרשלאָסן:
ניטאָ זיך וואָס צו היטן. —
זיין אָנדיינק, וואָר, ער איז מיר טייער —
ווי שימערענדער טוי אַנטקעגן מאָרגנשטערן
מינעוועט זיין שיין אין מיין זכרון: —
זיין נגון פון מלוה מלכה,
אַ משל פון דעם דובנער מגיד,
אַ פּרוש פון דעם ילקוט אויף נזקין,
המצאה׳לאַך ביים אויפגעלויכטן טיי-טיש,
אַ זמר׳ל פון וועלוועלע זבאַרזשער,
פּקחות פון מענדעלעם אַ שורה: —
אַלץ געדיינק איך נאָך,
און וואָלט עס אין מיין ליבע צו מיין זיידן
קאָנען איבערזאָגן, איבערזינגען, איבערגעבן
צו מיין ווייב, קינד און נאָנטער משפּחה.
וואָס טוט מען אָבער מיט זיין תפילין-זעקל?
דער שדי בלאַנקט נאָך אויפן שוואַרצן סאַמעט,
מיין קופערט שטייט דאָך אָפן ביז צום פוילן.

— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

—2—

איצט וואָלט איך דיך וועלן זען, זיידע.
איך וואָלט דיך וועלן זען ביי דיין ספר.
דיין סיווע קאָפּ אין שאָטנקרייז זיך וויגן.
ווייס ווי ביין די הענט דיינע באַהאַפּטן מיטן ספר
און אין די אויגן — ליכטיקע אוזאָרן פון בטחון,
אַזוינס וואָס חוזק'ט גרונטיק פון מיין שכל.

האַלב נאַכט. שטילקייט און לבנה.
עס שמעקט מיט גרינס און זומערדיקער יערונג.
שטאַלן פול מיט פּי. שטייגן פול מיט עופות.
זינגענדיקע ווינטן. זילבער אויפן גאָרטן.
רחבות'דיקע שפע. זיכערקייט און רו.
אַ שטערן פאַלט אין שימערדיקן צירקל.
עס רופט דער ערשטער קריי פון האָן —
זיידע שאַרט געניטע טריט.

איך זע אַ וועלט, אַסקעטן-וועלט, אין טלית און אין קיטל.
רינגען צער, רינגען פרייד — אונטער אַלץ איז באָדן.
ברייטער טרויער גלגול'ט אויף פון זיידנ'ס מיטנאַכט תפילה.
טרויער שטייגט — טרויער נאַגט שוין אין מיין הארץ.
טויזנט אימות הויבן מיך פון בעטל.
איך אייל און וואַקל צו דער מאַמען:
— זאַג, וואָס וויינט דער זיידע?

## דערמאנונג

פון אַלע זין, איינינקלאַך, איידעמס און שניר
וואָס מיין זיידע האָט צעשיקט איבער אַלע פיר
אומעטיקע זייטן פון דער וועלט —
בין איך דער איינציקער וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט
אין שטראָם, און אפשר דער לעצטער וואָס דערמאָן
די טיר, וואָס האָט געוואונקען צו יעדן אָרימאַן;
דער ברייטער טיש מיט רייץ פון פרייען קעסט,
ברכת המזון, ווי דאָס וואָרקען פון אַ טויבנעסט;
מאַרקלייט מיט פורן, קוישן און פּעק,
ברוינע פּויערים מיט האָבער און קאַרטאָפל זעק;
אַ פּאָר למדנים פאַרשטומטע באַ׳ם שאָך,
מיט רמז, וואָס מיינט אי דאָס, אי אַן אַנדער זאַך;
נאָך מנחה דער בליצלאָמפּ אויף ספרים און טיי,
און אויף דער ליבעסקראַנקער וואָס זינגט באַ׳ם לינען-געניי:
„אוניעסי מאָיו דושו" — ווי פּייער אין וואָל
ברענט דעם אורח אין האַרצן דער פרויען קול;
אַטלעסענע יאַרמולקעס אויף שטערנס ווי קרייד,
און אין יעדן אַלקער שמייכלט ווער אונטער קרוזשעווע, זייד.
שבתים, יום טובים, ווי אויף אַ קאַרנאַוואַל,
און עפּעס אַ וואָרט אַזאַ אָפט דערמאָנטן — חז"ל.
טעג, ווי הינטער אַ שלייער פון גאָלד און פּייַן,
נעכט — פידל-דינע בענקונג אין לבנה־שיין,
און נאָך עפּעס וואָס דימענט אין זכרון —
רעשטלאַך פון פאַרשעמטע קינדער־יאָרן.
אַ פור, אַ באַן און אַ גאַלאָפּ פון הייזער,
פאַר די אויגן שווינדן ווייסע מיילנווייזער,
און ווי אַ מעלאָדיע פון אַן אַלטער ליבעליד —
קלינגט נאָך דעם זיידנס — ז י י  אַ  א י ד.

## פראַגמענט

איך האָב געהאַט אַ קאָפּ אַ קלאָרע,
מיין ציידע פלעגט זיך מיט מיר רימען;
צו נייען יאָר געקענט גמרא
און די דעסנע*) איבערשווימען.

אָ, איך בין געווען אַ גבור,
פלעג דעם שטאַרקסטן מאַרק־גוי שלאָגן;
נאָר טרוימען איז געווען מיר ליבער,
און קוקן ווי די וואָלקנס יאָגן.

נאָר ווען די פויגל פלעגן שרייען
פלעג איך בלייבן — אַ פאַרקלערטער;
איך האָב גע׳חלום׳ט ווי ישעיה
און האָב ניט געהאַט קיין ווערטער.

גיי ווייס אַז ווערטער שטאַמען
פון אַ קאַלטן ווילדן שטערן. —
אַז פריער דאַרף מען זיי באַ׳דם׳ען...
דערנאָך מיט אייגן בלוט זיי נערן...

*) דעסנע — אַ טייך אין טשערניגאָוו.

# אין טעמפּל

ווייס בלאַנקט די מזרח־וואַנט,
און אינדערמיט לויכט די זיבנרעריקע מנורה;
זיבן קאַלטע גלאָבן שיסן פייערלאַכן אָנדענק
פון פּאַסטאָראַלער גלאָריע.
בליצלעמפּ שטעכן יעדן טונקעלן טעמפּל־ווינקל,
ליכט שרייט, ליכט רייסט יעדן שטילן שפור פון חלום;
טיפער אָרגל־ציטער צאַפּלט אויף קאַלטן פּאָליטור פון מירמל;
איידלשטים פון וויסן דאַמען־כאָר גייט אויף בוימלדיק צום סטעליע
און הויערט ווי אַ מידער שמעטערלינג ביים פייער.
עס שמעקט מיט ווייאָלעט און דרויסנדיקן האַרבסט.
עלעגאַנטע טאַנגאָ־טענצער זשאָנגלירן מיט מאַגנאַטישן מאַניער,
נאָר אויף די געשניצטע קאָלאָנען הענגט מיין חרוב'ער יום־טוב,
און שפּרייט זיך אין קרעם גלאַנציקע דיאַגראַמען.
שוואַרצע, אומעטיקע אויגן האָבן די מתפּללים,
נאָר תּפילות — פרעמדע און אָן טרויער,
טעאַטראַלער שליח־צבור שטייט שטייף אויף דער עסטראַדע
און רעדט געטאַקט וועגן האַרטנעקיקן פאָלק־ישראל, —
ציטערט אויף מיט אָראַטאָריש שטים און מאַנוקירטן פינגער:
„פאָרך נישט, קנעכט מיינער, יעקבֿ!"

## אונטער דער לאַסט



שוואַרצבאַפּראַקטע זיצן שטיל אין סאַמעט
מיט ווייב, קינד, באַנקביכל און נייגיר,
ווי פּאָר אַ רייטנדיקער צירקוס-דאַמע,
וואָס וואַרפט געפּאַר און לופט-קושן צום אוידיענץ.

(אָפּפער האָט מען אין רייכער און אומעטיקער היים געלאָזן,
מיט העפלאַכן באַפּעל צו דינערשאַפט, —
שטאָלצע שוואַרצשריפט אויף גלאַנציק ווייסע קאַרטן,
אויף טירן פון קאַנטאָר און קראָמען אויפצוהענגען:
„יום-טוב. ביז זעקס נ. מ. איז היינט געשעפט געשלאָסן.”)

אויף דעם ארון קדש שטייען צוויי גילדערנע לייבן,
מיט אָפן מויל און קלאָ פון לאַפּע צום „אנכי”.
רו צו אייך, שומרים. געענוג, נישטאָ שוין וואָס צו היטן!
הינטער דעם פרוכת בליט דאָס קאַלטע ליד פון טויט,
און גאָט שלאָפט אין טיפע קובן גאָלד —
מיט אַ שלאָף וואָס לאָזט זיך ניט דערוועקן.



## פרעג באַ'ם ווינט

פרעג באַ'ם ווינט:
וואו איז דיין נעכטן?
און צי האָסטו פאַרדינט
די שטראָף פון דעם שלעכטן?

זיין אַלט, און זיין יונג,
און ניט איינס פון דיביידע;
אַ שפּרונג און אַ זונג
און אַ קרעכץ ווי אַ זיידע.

און יאָרעלאַך גייען,
אויף לאַנג, אויף ניט קומען.
זיי גזיר, זיי גואף —
ועסט סיי־ווי פאַרשטומען.

וואָס זוכסטו אין בלאַט
און אין מאָדע־זשורנאַלן? —
דו האָסט — וואָס געהאַט,
און וואָס ניט — איז פאַרפאַלן.

און גאָרנישט איז נויטיק,
דו אַרבעט־פאַרשעמער!
ס'דערמאָנט מיך מיט ווייטיק
אויף ביאַליק'ס אַ זמר..

## אונטער דער לאַסט

דאָס זמר'ל צילט:
ס'האָט אַ אידעלע דאַרטן
זיין לעבן פאַרשפּילט,
ווי אַ בלינדער אין קאָרטן.

און געוואָרן אַ זינגער
פון שוצלאָזנ'ס טרויער,
וואָס דרייט מיט'ן פינגער
לויט שאָפּענהויער.

ווייב, לופט און ברויט
וועלן אַנדערש ניט ווערן.
צי ביסטו כאָטש גרייט
מיט שנאה זיך נערן?

און דולדן, ווי גריכן,
מיט סטאָאישן טראַכטן —
ביז וואָרים וועט קריכן
אין מויל דיין פאַרמאַכטן.

און זע ווי דאָס לעבן
קאָן איינעם פאַרשעמען:
אים גאָרנישט ניט געבן,
און פון אים ניט נעמען.

## דאס זילבער אויפן דאך

דער מענטש וואָס קומט צו מיר אָפט אין שטוב אַריין
ווי אַ ווינטער ווינט, און גריסט מיך: הער פּאָעט, —
ווייזט אוים, האָט זיך דערוואוסט אַז איך קאָן ניט קיין לאַטיין,
און באַנעם צום מאָל ניט קלאָר פון וואָס ער רעדט.

און כאָטש איך שעץ און ליב דאָס ליכט פון אַ געדאַנק,
און אפילו אים, דעם „איידעלן” דאָרן פון מיין שטאָם,
וואָס איז לילאַ-בלייך ווי איינער וואָס איז לונגען-קראַנק,
און דערמאָנט דעם איינזאַמען פון אַמסטערדאַם.

נאָר ווייל ער האָט געהעפּלעכט און געזאָגט אַז אים פאַרדריסט
וואָס איך שרייב אויף אידיש — אַזאַ אָרים שפּראַך, —
האָב איך געקוקט אויף אים ווי מ׳קוקט אויף מיסט,
און אויפן טיפן זילבער וואָס שטראַלט אויפן ווינטער דאַך.

און ווייל ער האָט מיך געלויבט און מיינס אַ ליד
פאַרגליכן צו אַ פּערז פון פּאָפּס „עסעי אָן מען” —
האָב איך געפילט ווי גוט, ווי גוט עס איז דער שניט,
און וואָס ער קאָן די שנאה אין מיינע אויגן זען.

## דער וואָס נאָך אונז

דער וואָס קומט נאָך אונז וועט האָבן פלינקע הענט,
פון פרעמדן שאַצקאַמער וועט ער שאַרן גאָלד
און זיין דער יורד וואָס האָט אָפּגעברענט.
יעדער חוב וועט זיין פון לאַנג שוין אָפּגעצאָלט,
מיט פיינע טיש־מאַניערן, אַרום רייכע לייט
וועט ער וואַרפן מיט פיילן פון תנ״ך,
טיף טרויערן אין יעדער שפּראַך.
מאָנען יושר ווי עמוס האָט געמאָנט,
פלאַטערן מיט פּאַפּירן — די געשטיצטע רעכט,
און פאַר יעדן לומפּ וואָס טראָגט
בלייכן, ווי אַ בערעזע אין לבנה־נעכט.
ווי אַ חיה טשאַטעוון דעם שונא׳ס פינגער־בויג,
וואַך, שטענדיק וואַך ווי אַן אַרגוס־אויג,
שטיל, שטום ווי צעאוס אין מוזיי —
און פּלוצים דעם מעכטיקסטן אויסגעשריי:
גאָט, אַלמעכטיקער, פאַרלאָז אונז ניט!
און אויפרייסן די עטיק ווי מיט דינאַמיט,
און פרעך ווי אַן אומבאַזיגטער יונג
אַרויסשטעלן דער וועלט —
אַ לאַנגע לאַכעדיקע צונג...

## ניט דו, אַן אַנדערער

שפּעט געקומענער — פון ווייטן,
איך האָב דיך ווידער ניט דערקענט.
וויפיל מאָל וועסטו זיך בייטן
מיט די קייטן אויף די הענט?

איך מאָל דיך מיט אַ שווערד און קיווער
(ניט ווי לייוויק מאָלט דיך אויס),
זעסטו אויס גאָר ווי אַבי ווער,
ווי דער מילדסטער פון מיין הויז.

גבורה, האַס, — ביז שפיכות־דמים:
אַט אויף וואָס איך האָב געוואַרט. —
האָסטו גאָר אַ נזיר־פּנים,
גוף ווי דאָרן אויסגעדאַרט.

גייסט? נו גיי זיך דיר בשלום:
אַ שטאַרקערער פון דיר קומט אָן;
ער וועט מאָנען ווי איך מאָל אים:
אויג פאַר אויג און צאָן פאַר צאָן.

און אויב ער וועט עס אויך ניט קענען,
ווייל אים רייפע שנאה פעלט —
וועל איך זיין געמעל פאַרברענען
און אַוועקגיין פון דער וועלט.



# קום פאַרטרייב אונז, שונא

מיר דאַרבן אויף דיין בליענדיקן באָדן.
עס האָט אונז ווער געבענטשט און באַלאָדן
מיט דעם לאַסטנזיקן ווילן צום קיום,
מיט טרוימענטרייסט ביים מעבר־יבוק.
מיר האָבן דינע הענט און אַרגוס־אויגן —
שוין אַלץ געזען און — ס'איז אַוועקגעפלויגן.
גלאָריע און זיג — ניט אונזערע זויפנבלאָזן.
מיר, איוב'ס אין רואין
מיט פאַרשאַרפטן היפּערזין
צום פשוטן גרונט־געזעץ פון קיום.

אונזערע נערוון וויברירן ווי סייסמאָגראַפישע סיגנאַלן
וואָס זאָגן אָן דעם אָנקום פון פאַרבאָרגנסטן שטורעם.
נאָר עס קען ניט פאַנאַנדערפאַלן
דער אַלטער שטאַם.
ניטאָ, ניטאָ קיין איבערפורעם
פאַר דעם שטאַמרייכן נאָמען.
שטאַם פון עראָטיקער, אַסקעטן און קדושים,
שטאַם פון אומעטיקע אור־גלגולים
מיט קרבן מנחה'ס, קיטלען, טליתים און מזוזות,
שטאַם פון אַלטע אויסטערלישע מוזעס
מיט פאַרמעט־געל און פערל־גרויען לעבן.



מיר ווינטיקן, שוועבן; מיר שווימען
ווי בוימלטראָפּנס אויף איינזאַמע טייכן.
מיר קענען זיך ניט אויסמישן,
מיר קענען ניט אַרונטערזינקען
און — עס טריקענען ניט דיינע איינזאַמע טייכן.

# מיין דורכפאַל

איך האָב זיך נאָך אַלץ ניט דערשלאָגן
צום אמת פון פשוט'ער וואָר;
אַז איך זאָג און קען אַלץ ניט דערזאָגן
וואָס יעדערער זעט אַזוי קלאָר.

מיין דורכפאַל — זאָל ווער עס וויל לאַכן. —
די שיינקייט — מיין אָפּגאָט — אין קלעם
וואַרט אַלץ אויף רחמנות צום שוואַכן
און דער מעכטיקער חוזק'ט פון דעם.

און זיין גבורה באַרעכטיקט זיין היתר,
ווי דער חיה — איר האָרן און צאָן;
און איך האָב די שיינקייט פאַרגעטערט,
נאָר מיט טאַט האָב איך גאָרנישט געטאָן.

געטאָן... נאָר אין קאַמף מיט דער שנאה
האָב איך ניט געהאַט קיין געווער:
טפו, אויף אייך, ווערטער דינע,
איך פרעג: ווער דאַרף אייך איצט, ווער?

# א מענטש אין אונטט-זון

אז א מענטש טרעט אריבער די שוועל פון זיין שטוב
און פילט זיך ווי איינער וואס שטעקט אין א גרוב
ביז איבער דער העלפט, און קען ניט צו מאל
טאן א געשריי: ראטעוועט — מיט אן איבערקול.
איז עס דערפאר וואס „כאפ-זוערג״ מיט די גאלדענע ציין
איז אים נאכגעלאפן ווי א הונט נאך א ביין,
און דערפאר וואס דער מענטש, וועגן וועלכן איך רעד...
איז פארשאלטן געווארן צו זיין א פאעט
בא א פאלק אזא וואס טאפטשעט אומזיסט
אויף אומגליק-לידער ווי הינער אויף מיסט —
האט ליב געהאט קוקן אין הימל פארנאכט,
וואו דאס ליכט פון דער וועלט ווערט צוזאמענגעבראכט
צום טויט און שרפה-שפיל פון דער אונטט-זון.
נאר אז דער מענטש הויבט די הענט ווי א בייזער באבון
און לאזט זיי אראפ אויף דער אייגענער ברוסט,
ווי א האגל א גראבער אויף א רויזנקוסט —
טא וואו נעמט מען, זאג איך, א גבור אזא מיט א שטריק,
וואס זאל בינדן דעם, וואס שלאגט וויינענדיק
זיך אין הארצן אריין, אין הארצן אריין.
אניט קען מען מיינען אז גאט האט באשטעלט
דאס הארץ פון דעם מענטש פאר א פויק פאר דער וועלט,
כדי דער צדיק, רבי ישראל בעל שם
זאל עס דערהערן און — וויינען פון דעם.

# מלאך גוטער

(אין אַנדיינק פון משה לייב האַלפּערן)

מלאך גוטער אין ווייס און פּיאַלעט,
ווי רייסטו אוים דאָס האַרץ פון אַ פּאָעט? —
שניידסטו מיט אַ מעסער? שטעכסטו מיט אַן אַל?
קענסטו אַ דיכטער־האַרץ טויטן מיטאַמאָל?

— איך שנייד ניט מיט אַ מעסער, איך שטעך ניט מיט אַן אַל,
איך קען ניט אַ דיכטער־האַרץ טויטן מיטאַמאָל;
איך ענדיק נאָר דעם חלום וואָס איז אויסגעטראַכט,
און קאַלט ווערט דאָס האַרץ, ווי פעלד־ערד באַדערנאַכט.

מלאך גוטער, אין ווייס און פּיאַלעט,
וואָס טוסטו מיט דעם רומפּולן פּאָעט, —
נאָכדעם ווי דו נעמסט אַרוים די פען פון זיינע הענט,
און טויט קומט — ווייל טרוים האָט אויסגעברענט;

און אַרום אים נאָך אַלץ פייניקער און קלוגע אין געוויין,
און טרער פאַלט ווי פעדער אויף אַ שטיין —
נעמסטו מיט דעם ארון, דעקסט אים צו מיט ערד?
צי ווערט פון אים וואָס פון יעדן ווערט?

— איך ריר ניט אָן דעם ארון, כ'באַדעק אים ניט מיט ערד,
עס ווערט ניט פון אים וואָס פון יעדן ווערט, —
איך טראָג אים נאָר אַריבער אַ דינע ווינטנבריק,
און יעדער נייער דור ברענגט אים לעבעדיק צוריק.

# צום פארטרעט פון מ. ל. האלפערן

משה לייב, מיר איז ביטער.
מיר איז שווער, איך זינק.
ווען איך זע דיך אין תהום,
כ׳וואלט ארונטערגעשפרונגען.

הייליק און שטרענג ווי א נדר,
נעם איך אויף דיין הויכמוטיקע שפראך,
אז אפילו דיין פלאנטער און פלוידער
איז פאר מיר א פארשטענדלעכע זאך.

ווי גרינטלעך און קלאר איך באנעם עס —
אין דער טיף, אין דער הויך, אין דער ברייט;
משה לייב, האסט געזונגען דעם אמת,
ווי א מענטש, ווען מע פירט אים צום טויט.

צום טויט — נאר די פיס ווילן שפרינגען
אין דער אפענער ליכטיקער וועלט ;
דאס הארץ וויל צו גינגעלין*) זינגען,
נאר ס׳האט גינגעלין שמחה געפעלט...

---

*) גינגעלי, לאדושקא און זרחי — פיגורן אין מ. ל. האלפערנ׳ס דיכטונג

ווי אַ שוואַלב איז די ליבע, מע זאָגט:
זי פליט, נאָר איר אויג איז פאַרקלעפּט;
אָבער שנאה זעט אַלץ און — פאַריאָגט,
און דו האָסט די שנאה דערשעפּט.

שאַרף, שווער און עכט
איז דיין קללה אויף לאַדושקעס*) „פרייד".
קען זיין, אַז זי וויינט דורך די נעכט
אין זרחי'ס*) פאַרגלעזערטע רייד.

ווי ביטער און פינסטער איר איז:
זי האָט דאָך קיין ברויט נישט צו זאַט.
דאָס קליידל — אַ רים אויף אַ ריס,
„אַ שמאַטע פאַר יעדן סאָלדאַט".

איר לעבן — אַ וויסטס, אַ קאַלטס,
פאַרסמט איז איר בלוט און איר מאַרך;
איר האַרץ איז געביסן פון פאַנטער,
און אָפּט פון אַ צדיק — אַ פאַרך.

און דו האָסט פאַר לייטן פאַרשעמט
איר נאָמען — פאַר ניט אירע זינד. —
זי וואַשט דאָך שוין גינגעלים העמד
און פירט שוין „אַ מענטש וואָס איז בלינד".

פאַר לאַדושקען נעם איך זיך אָן.
משה לייב, פאַרגיב מיר דערפאַר,
ווייל איך הער אין איר קול אַזאַ טאָן
ווי אין טעניסאָנ'ס „קראָסינג די באַר".



פאַראַן אַזאַ שעה, ווען אין האַרצן
גייט אויף דעם דיכטערס געבעט,
ווי אַ ליכט פאַר דעם אייגענעם פּרצוף,
אַ וואַנט פאַר דעם פאַלשן עסטעט.

אַט פון יענעם געבעט אין דער פינסטער
ווי אַ בליץ אין אַ פינסטערן וואַלד, —
איז געבליבן ביי מיר אַ פאַרקריצטער
פאָרטרעט פון דיין ריזנגעשטאַלט.

דיין קאָפּ אין הערמעטישן טרויער,
געשטעלט פון אַ שטאָלצן סעניאָר,
נאָר אין דיכטונג — מייסטער און בויער,
דער עמוס-באַדלער פון מיין דור.

מיין פען וואָלט איך לאַנג שוין צעבראָכן:
וואָס קען איך דען זאָגן נאָך דיר?
איך שעם זיך אַמאָל פאַר מיין שכן
צו ווייזן מיין ליד אויף פּאַפּיר.

נאָר דיין אויטאָ-פאָרטרעט אויף מיין וואַנט,
אין גאָלדענעם דינעם באַגעט,
דערמאָנט מיר דיין דריק אויף מיין האַנט:
— „שרייבט, איר זענט אַ פּאָעט״.

איך שרייב, איך דרוק אין זשורנאַלן
פריידלאָזיקייט, — מיר דאַכט:
עס ווערן נישט פולער די קוואַלן,
זינט דו האָסט די אויגן פאַרמאַכט.



# דער גאַסט פון עלדאַראַדאָ

אַז עס וועט טאָן אַ קלונג דאָס גלעקעלע וואָס הענגט
אין עק שטאָט אויף דער דינער און געקניפּטער שטריק,
וועט מען מיינען אַז אַ קינד האָט עס געטאָן מסתמא שפּילנדיק
מיט אַ קלינגערל וואָס אַ „דזשאַנקער" האָט אַוועקגעשענקט.

נאָר אַז מ'עט זען אַז ס'איז ניט קיין עופּעלע וואָס ציט
די שטריק, נאָר אַ מענטש מיט הענט ווי באַ אַ שמיד און מיט
אַ באָרד,
און מיט אַ קול וואָס שרייט ווי איינער בשעת אַ מאָרד
וואָס טרעפט באַ פערד־גנבים ביים סוף פון יאַריד;

און אַז ער וועט נאָך ווייזן דעם פּיסטויל וואָס ער האָט
מיטגעבראַכט
פון עלדאַראַדאָ — אַ קליינס, נאָר סאַראַ קוילן עס שיסט —
וועט שוין יעדערער דערהערן און זאָגן: קען זיין ניט אומזיסט
שרייט דער מענטש צו אונז און וועקט אונז אין דער נאַכט.

און אַז ער וועט אויפן הארצן ווייזן און דערציילן ווי שווער
אים איז געוועזן דאָס שיידן זיך מיט דער עלדאַראַדער הויך,
און אַז ער האָט זיין בייטל גאָלד, זיין היים און זיין
ליבסטע אויך
דאָרט איבערגעלאָזן, ווייל ס'האָט אים אַזוי געצויגן אַהער,

ווי עס ציט דעם שכור ביי דער נאָז דער ריח פון אַ שיינק,
דעם נואף צו דער מויד און צום קלויסטער — דעם פּאָפּ;
אַט אַזוי וועט ער פאַרבנרייך זיך שווערן און שאָקלען
מיטן קאָפּ, —
מ'זאָל נאָר ניט מיינען אַז ער ליידט חלילה פון אַ
נערוון-קריינק.

וועט מען טאָן אַ פאָל פאַר אים ווי טערקן פאַר אַ האַר:
זיבן מאָל אַראָפּ-אַרויף מיט פּנים און געזעס,
מיט צעשפּרייטע הענט און גאַפנדיק ווי פאַר אַ גרויסן נס,
הלמאי ער וויל גאָר ניט אפילו קיין כבוד דערפאַר...

## גיי דערציייל זיי

גיי אַרויס אין גאַס און רוף צענויף די לייט
וואָס האַנדלען מיט גאָטלאָזיקער הייליקייט
און דערציייל זיי מיט דעם שטאַרקסטן ווערטער־שטראָם,
ווי דער זשאָנגליר, דער וואונדער־ווייזער וואָס אין היפּאָדראָם,
אַז דער ציגן־פּיסיקער פּאָן מיט דער זילבערנער פּלייט
שפּילט דעם ליגן ווייל ער דאַרף ניט קיין ברויט.
ווי זכריה דער קאָמאַשן־שטעפּער, צי ווי איך, אָדער דו,
וואָס ווייסן דאָך, אַז ס׳איז ניט די שולד פונ׳ם
הקדוש ברוך הוא
וואָס אַ ראָק פּעלט דעם שניידער, און דעם טשעסליער —
אַ דאַך;
און דערציייל, דערציייל זיי נאָך אַ זאַך:
אַז דאָס וואָרט וואָס צילט צו דער געטלאַכער הויך
איז נאַקעט, דין, און גרינג ווי סיגאַרעטן רויך.
נאָר ער וועט סיי־ווי ניט קומען פון די דאָזיקע לייט
וואָס האַנדלען מיט דער ימים־נוראים׳דיקער הייליקייט;
און אויב זיי גלויבן ניט, טאָ ווייז זיי דיין מאָזאָל אויפן האַנט,
און זאָלן זיי זען און זאָלן זיי זיך שלאָגן קאָפּ און וואַנט —
אויב זיי גלויבן ניט אַז דאָס איז דער שכר
וואָס גאָט צאָלט און גיט ברויט דערפאַר. —
און גיי אַהיים, און טו ווי ביאַליק און ווי משה לייב:
פאַרשטשעם די ציין און וויין דערביי, און שעלט און לויב
דעם גורל דיינעם וואָס איז שווין דיר באַשערט,
און וואָס אַ שד האָט אים אויסגעקלערט...

# בערנארד לואיס

**1889 — 1925**

ער האָט געהאַסט דעם מאַרק, געוויכט פון דעם המון,
אַ לעבן לאַנג פאַרהערליכט אַ פאַנטאַסטישן געדאַנק:
נאָר מיזערע האָט האַרט געמאַכט זיין האַרץ ווי קיזלשטיין,
און איז פון גאָט געלאָפן — לונגענקראַנק.

פון שענק פלעגט אים דער עלנט טרייבן אין בולוואַר,
זיצן אַרום פיגמים, ווי אַ שיפבראָך אויפן ים;
ווי שטאָלץ ער פלעגט באַהאַלטן זיין געפאַלנקייט און צער
און אָפט פאַרשווינדן ווי אַ וואָלקנפלאַם.

אַ לייב אין הונגער ברומט אַזש האַרץ פון זעברע גרווילט —
עס ווייס דער לייב דעם וואַלד-געזעץ—פּאַטאַלער קרבן וואַרט,
נאָר ווייו איז דעם פּאָעט, וואָס זעט, זיין אייגן באָדן פוילט
און איז יונגיאָריק אַלט, און זעט די ווייזהייט נאַרט.

טעג זיינען געשפּרונגען ווי צערייצטע הינט,
און ער — געפּעניטעט ווי דער לעאָקון*) —
האָט איינמאָל אין אַ שעה פון לעסטערונג און זינד
דערזען ווי עס גליט אַ בלוט-שפּיי אויף דער זון.

---

*) לעאָקאָן — אַ סקולפּטאָר ווערק פון 15טן י. ה. וואָס רעפּרע־
זענטירט, לויט ווירגיל, די טראַגעדיע פון דעם רוימישן פּריסט
לאַאָקון מיט זיינע צוויי זין, ווי זיי ווערן דערשטיקט פון שלאַנגען

אָפּט געוואָלט אַ קנאַק טאָן דורך אַ הינטער־טיר.
אַ לעצט געשריי: מיד בין איך, מיד בין איך פון אַלץ:
אין פּערזן מאָלן הייליקע רעליקוויעס אויף פּאַפּיר
און טרוימען פון אַ פּעטליע אויפן האַלז.

און מיר האָבן געמאָנט, געטייט: ס'איז ווידערשפּרוך,
אייזנהאַרטע פּויסטן אים אַרויסגעשטעלט:
פּאָעט, ביסטו בלעם — בענטש, ביסטו איוב — פלוך,
ווייז קלאָר דיין פּנים פאַר דער וועלט.

און ער האָט טיף געשוויגן, און אין דער טיף געצערט,
געלעגן ווי אַ זילבערנער אין סומנעם קראַנקען־הויז:
די שנאה אַרום בעט, האָט ווי אַ קאַברע זיך געווערט,
און מיר האָבן געאָנט: ער צאַנקט, ער לעשט זיך אויס.

נאָר אין בלויע נעכט, ווען שטערן שפּילן שאַך,
און בלומען נעמען אָן אַ געטליכן דעוויז, —
פלעגט ער, ווי אין אַ טראַנס, פלוצים ווערן וואַך
און פון אינוואַליד ווערן דיכטער־ריז.

פרעג ביי דער לבנה וואָס האָט מיטגעווײנט,
ווען ער האָט אָפּגעזעגלט אין דעם ווייטסטן לאַנד.
דערציייל, מאַדאָנע דו, וואָס האָט ער געמיינט:
„פּלאַמטאַלין"**) — מיט'ן תהלים'ל אין האַנט.

---

**) אזוי האָט זיך גערופן זיין לידער־זאמלונג, וואָס איז אַרויס נאָך זיין טויט.

ניטאָ קיין מאָס און וואָג פאַר דיכטונגקונסט, ניטאָ.
דעם שיינעם קאָפּ איז איבעריק די לאַסט פון דיאַדעם.
לויב־געבער, אַנטוואונדערער — איין מבין איז נאָר דאָ —
דער נאָמענלאָזער מייסטער איבער דעם.

און מיר האָבן פאַרגעסן דעם ביזאַנטישן פּאָעט,
וואָס האָט פאַר טרוים געצאָלט מיט הונגער און מיט דאָרשט:
זיין בלוטנדיקע ליד, זיין וואָרט ווי אַ לאַנצעט
זיין טרער אויף אונזער פּוטערברויט און באָרשט.

נאָר איך וועל שטענדיק שאַרפן מיין געהער
פאַר אָפּדאַכט פון ווייַנענדיקע פידלען אין די ווענט,
און ווערטער וועגן אים וואָס פאַלן גרינג, אי שווער,
פון די וואָס האָבן אים יאָ און ניט געקענט.

## צו מאַני לייב

אַ וואָרט אַזאַ, אַ דינס און אַ שיינס —
ליגט אויף מיין צונג ווי אַ שלאָס פאַר דער ליפּ,
און זאָי איך אים דורך אַמאָל דורך דיציין,
פאַרשווינדט עס אַזוי ווי זאַמד דורך אַ זיפּ.

דאָס וואָרט איז ניט ניי, ניט זיס און ניט ביטער,
נאָר לויטער און שאַרף ווי אַ בליצנשניט;
איך אָן אים אַמאָל, און מיין האַרץ טוט אַ ציטער,
נאָר זאָגן פאַר עמיצן קען איך אים ניט.

און דוקא ווען גרייט איז דאָס איידעלע אויער,
פאַרטרויט — און אין שפּאַנונג דער פיינסטער געהער, —
פאַלן מיר ווערטער פאַרנעפּלט ווי זוהר,
ווייזהייט פאַרשפּילטע, וואָס טרייסט שוין ניט מער.

נאָר אַמאָל, ווען איך קוק אין דיין בוך ווי אין שפּיגל,
און פון אונטער דיין ליד — דיין פאַרשניצטע געשטאַלט, —
פלאַטערט אַרויס אָט דאָס וואָרט ווי אַ פליגל
און ברייגגט מיך וואו די דערקענטעניש קוואַלט.

# צו יוסף ראָלניק

איך האָב אַמאָל געוואָלט אַז דו זאָלסט אויך דערהערן
מיין ליד, וואָס האָט געשאַלט צום רייץ פון די עקסטרעמען,
איך האָב ניט געוואוסט אַז אויער קען אַמאָל דאָס מויל
פאַרשעמען,
אַז שטילקייט איז גאָר נויטיק אום דערהערט צו ווערן.

פאַרגיב, איך האָב אין פויק געשלאָגן — טאַקט צום געניאַלן
פאַרלייקענער פון אייביקן און היילנדיקן טרויער;
ווען מיט אמתן פון איוב און פון שאָפּענהויער
האָבן גאַסן-יונגען מיטגעטאַנצט ווי אויף מאַסקנבאַלן.

איצט זוך איך דינע ווערטער; צייל זיי אויף די פינגער,
הייב אָן אַ שטיל געבעט — האַק עס אָפּ אינמיטן,
שלינג דעם סם וואָס טריפט פון וואָרט וואָס איז צעשניטן
און ציטער פאַר דעם שאָטן פון די גלאָקן-קלינגער.

גוט איז דיר, דו קאָנסט אויף ווערטער-פליגלען פליען,
ניט איך, ניט איצט, ווען ווערטער פוילן אויפן גומען.
איך וועל אַמאָל נאָך ריידן ווי אַ שטומער צו אַ שטומען,
און פאַר אַ פאַלנדיקער בלעטעלע זיך קניען.



# כבוד...

ווי אַ קינד אין זיין קינדערשן חלום,
וואָס שמייכלט פון פרייד אין זיין וויג,
אַט אַזוי וועל איך לעבן אין שלום
מיט יענע וואָס וויכן פון קריג.

אַ גרויסע און פולע מאָס כבוד
וועל איך געבן דעם וואָס איז ווערט;
פאַר אים, ווי אַ צדיק ביים עמוד,
וועל איך נויגן מיין קאָפּ צו דער ערד.

נאָר מיינע הענט — צוויי שטאָלענע לאַמען,
זיינען גרייט ווי דער פלאַם פון מיין בלוט.
פאַר דעם שוץ פון מיין וואָרט און מיין נאָמען —
ווען האַר אויף מיר ווערט דער הדיוט.





## סאַן וויטוס — מיין שכן

וועַן וואָרט, וואָס קומט אין זעלטענעם אַמאָל,
וואָלט אויפברעכן דעם שלאָס
וואָס ליגט באַ יעדן צווישן צונג און צאָן —
סאַראַ שטראָם עס וואָלט געטאָן
מיט ליבשאַפט און — וויטריאָל...

שוין לאַנג אַז ער דאַרף ניט קיין אַנלען-שטעקן
סאַן וויטוס, דער לאַמער שכן מיינער.
ער האָט ביסלעכווייז זיך אויסגעלערנט
דעם פלינקסטן האַזנשפּרונג,
און לאַכט פון געפּאַרן.
אים אַרט ניט די וואָרנונג פון די פעלזנברעכער:
— „העי! אַזויפיל גע׳נזוק׳טע!
צעשמעטערטע, פאַרגעסענע״...
ווער האָט עס אים די אויגן געעפנט
ער זאָל דערזען דעם צעבראָכענעם צעפּטער
וואָס האָט אים יאָרנלאַנג געפּייניקט מיט הכנעה.
איצט גרויסט ער זיך, דער שכן מיינער:
ער וועט שוין מער קיינעמס רענצעלאַך ניט טראָגן:
דעם אייגענעם פּאָרטפעל וועט ער עפענען, —
דעם אוצר פון באַהאַלטענע דערפאַרונגען:

גע׳מומ׳טע פּעכטן ניט מיט שווערדן,
יעוונוכן שפּילן אויך אין ליבע.
איצט זינגט ער אָקס-מוטיקע מאָדע-לידער,
רעפריינען מיט טומלדיקע ווערטער.



און ווערטער זיינען ווערלאָז און שיין,
שענער נאָך פון פרויען און בלומען —
זיי שיינען אפילו ווען מען שענדט זיי
אין טעפּעלאַך פון שמעלצנדיקן בליי,
און אַז מע זעט זיי אויפן גלאַנציקן פּאַפּיר —
מיינט מען אַז ס'איז טעקסט פון ברית חדשה,
איז כאַטש נעם און בינד עס אין פּאָליאַנט,
קני זיך און וויין אויף דעם, און וויין מיט דעם...

נאָר דער איינזאַמער וואָס האָט פאַר גאָט געשוואָרן
צו וואַרטן אויף דעם הויך־געפּרייזטן אויסלייז
שווייגט — און שמייכלט אין זיין רייכן טרויער,
ווען ער זעט דעם לאָמען שכן מיינעם טאַנצן...

אלטער עסעלין

## דיפּיראמב צום זיגער

איך קאָן זיך שוין פאַרגינען צו זינגען דיר אַ לויבגעזאַנג
און אויפן קאָפּ דיר אָנטאָן אַ לאָרבערקראַנץ,
ווייל כ'האָב ענטדעקט אַז איך האָב שוין דערגרייכט
דעם העכסטן ראַנג פון דורכפאַל...
אַלמאַליקן און אַלפּראַנטיקן...

אָבער וואָס וועסטו טאָן מיטן זיג, זשיגאַלע?
אַ געראָטענע, געראַטעוועטע פלוי אפילו
קאָן זיך כאָטש באַהאַלטן אין דער פינסטער
און פאַרדייען דאָס גערויבטע בלוט פון אַן אַטילע
וואָס ווילט אַרום אַ ליבעם־דערשראָקענער נאָנע...
אַ פלוי שטעלט דאָך אויך אַמאָל איר לעבן אין סכנה,
ווען פּאַטום צווינגט אַ לעק טאָן פון נסיון...
(העי, יעדערער מוז דאָך עפּעס ברעכן אָדער בויען)
און שפּרינגט הויך אפילו אין טויט אַריין.

אָבער דו — וואָס וועסטו טאָן מיטן זיג, זשיגאַלע?
און וואָס וועסטו טאָן מיטן לאָרבער־קראַנץ
וואָס איך האָב דיר אַוועקגעגעבן,
ווי אַ בוים וואָס וואַרפט פון זיך דעם צווייט,
ווייל — ער דאַרף עס ניט?..

## צו א דיכטער

פוסטע פעסער אין אַן אָרים שיינק
וואו דער ריח פון בראַנפן האָט שוין אויסגעוועפּט —
די בלעטער פון דיין בוך. —
וויין, וואָס האָט קיינמאָל ניט געיערט.
אומזיסט האָב איך די קנאה רייף געמאַכט;
אין פאַרהוילענער הכנעה מיין שטאָלץ צום בראָך געגרייט.
אומזיסט האָבן די הענט מיינע ציטעריק געגלעט
די אָראַבעסקן אויפן טאָוול — דיין מתנה.
דיין בוך האָט מיך פאַרשעמט.
דיין נאָמען האָב איך הויך געלעסטערט.
איצט קומען טעג מיט פלאַמענדיקע זיגן...
באַגלייט מיט בטול און ווידערווילן. —
ווי וועל איך דיך באַגעגענען, פערזן-צערטלער,
צי וועט דער צער פון דיינע אויגן
מיך קענען איבערבעטן?
ווי וועלן מיר איצט וואָרימען און נערן
דעם טאַבו פון בייסנדיקן ליגן...

## „א לעקטשורער" בא אונז

ציננגל-קנאַקער ווײַס: פאַראַן אַ וואָרט — טאַלאַנט.
גיב אים נאָר אַ בינע מיט אַן אַודיענץ,
וועט ער דרייען מיטן גראָבן פינגער פון דער האַנט
און פלעכטן פראַזן-קרענץ.

פלאַך געדאַנק באַווירצט מיט נאָך פלאַכערן הומאָר,
און שטויגן: סאַראַ אויסבראָך פון אַפּלאָז;
יעדן-יעדן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר,
לאָזט כאַטש איינעם טרוימען אַן אַריע מיט דער נאָז.

קיינמאָל ניט געווייטיקט איבער וואָרט און בוך,
נאָר געפּרעסן פעטס און געטרונקען שטאַרקס,
און זע נאָר ווי אַ גײַסטיקער יעוונוך
פרײַדיקט די אידעע פון אַ מאַרקס.

און ווייל ער ווייס — ער רעט דאַ צום המון,
צעשפּילט ער זיך מיט ווערטער ווי אין גאַלאָפּ;
שטענדיק ווען איך זע אים אויף דער בינע שטיין
קריץ איך מיט די ציינער ווי אַ וואָלף.

# צו לעאָנאַר

די שטאָט איז קליין. דער אומעט קריכט ווי איך און דו אַט דאָ.
ווער האָט עס אונז צענויפגעפּאָרט ווי קרעבסן אויפן דנאָ
פון אַ טייך אַזאַ, וואָס שמעקט ווי בלאָטע אין אַ באָד;
דו און איך, אַזוינע צוויי „באַרימטהייטן" אין שטאָט. —
וואָר, איך וואוין אין נויט, אויף אָרימגאַס,
און ווער עס וויל קריכט מיר אין האַרץ אַריין ווי אין
אַ הערינגפאַס.

עך, גורל דו, אַז איך דערמאָן זיך נאָר:
ווער דאַרף מיך דאָ? מיין ליד — צו אַלדי שוואַרצע יאָר,
איך בין דאָך ווי דער קברן וואָס שטייט אין קעלט און היט
אַ בית־עולם, און זעט פאַר זיך אפילו קיין קבר ניט...
און דו, אויף אָלימפּעו גאַס, מיט אַ לאָמטערן־שילד,
וואו סטאַזש פון 29טן איז נאָך ניט אויסגעשפּילט
(כאָטש דאָרטן שטייט שוין אויך אַ סטאַנציע פון רעליף,
וואו מע טיילט קאָנסערווירטע באַב מיט קאָרנדביף).
נאָר מיר איז שטענדיק ליב געווען דיין בליק אויף מיר,
דיין ערב־וואָרט־זאָג, האָניק און פייער וואָס אין דיר,
דיין קורצער טיפער לאַך, פיין־זשעסט, הויך־פריזור, —
כאָטש נעם און זינג צו דיר ווי אין לוציע דע לאַמאַרמור;

מיין ווינקל-אויג באגלייט דיך אַפּט ווי אין אַ שאָפּען-וואלץ...
מיין שטומע צונג, אַ לעאָנאָר, צי קאָן זי זאָגן אַלץ. —
דו ביסט דאָך פּאַרט אָדאָ די איינציק אַנדערשדיקע פרוי,
פאַרוואָס אָבער צום טייוול בלאָזטו זיך אַזוי
ווי די פּאַווע אונזערע וואָס אין „וואָשינגטאָן זו״?
דאָס לעבן איז דאָך ניט קיין אָפּערע אפילו פּאַר אַ פּאַרוועניו
וואָס וואוינט אויף אָלימפּיע, איך שווער דיר, לעאָנאָר,
נאָר אַ טויזנט - מיילן - ווייטער - עפּעס - אַנדערש גאָר.

איך זאָג: סאַראַ צער עס איז אויף דעם פּאַווע - מין,
וואָס פּאַרדעקט מיט גראָבע פאַרב דעם קאָפּ, וואָס איז
שפּילקע דין;
מאַכט פון דעם אייגענעם עק אַ דיאַדעם...
און בלאָזט זיך נאָך, און בלאָזט זיך נאָך מיט דעם.

# צו אַן אַלטן דיכטער

— 1 —

גרויער, אייגענער, —
איך האָב אַמאָל געהערט דעם שטורעם־פויגל שרייען אין
דיין האַרץ.
ווי בוימל אין פלאַקער
האָט דיין ליד געבלענדט, ווייט געגרייכט.
דאָס פאָלק האָט דיין וואָרט פאַרנומען.
צום ריטם פון דיין ליד
האָט אַ יונגע וועלט געטאַנצט.
עך, מענטש: פון אַלעמען גרעסער איז — פּאָעט.
געווען אַ צייט ווען גאָט פאַרזעט...
און נאָנט — די פרוי און די לבנה.
איצט טוט מיר ווי פאַר דיר:
מיין אַכפּערונג, מיין לייד,
ווייל שווער ווי שטויב אויף מומיעס אין מוזיי
פאַלן דיינע מאַטע, מידע רייד,
נאָר ליב איז מיר דער קאַלטער דרוק פון דיין געמיט;
און שווייגן, שווייגן ווילט זיך מיר אין דיינע דלד אמות
ווי אין הייל — אַן איינזאַמער הערמיט.



גרויער האַר מיינער און איינזאַמער:
עס קומען לאַנגע און ליידיקע טעג,
זיי שאַרן זיך לאַנגזאַם און אומעטיק,
פאַרבליקט ווי קראַנקע חכמים.
זיי שאַרן זיך און זאָגן גאַרנישט ניט.
באַלד גרייכן זיי דיין נשמה.
וועסט ווערן קאַלט און וואַר.

— 2 —

לענדער, מענטשן און לעמער,
וואַקל פון גרויסע און קליינע;
גאַלן ביים שמייכל פון קרעמער,
שטיל זיין ביים טרער פון אַ זונה.

אַ טיש, אַ העפט און אַ פעדער,
אַ לאַנגזאַמער קריץ און אַ ציטער,
פעגאַז קומט אויף גומענע רעדער —
שמייכלסט דערביי אַ געניטער.

וואָס נאָך איז געבליבן אין לעבן
אַט דאָ, אויפן דנאָ דעם הארטן? —
היטן דעם שיין דעם גענאַרטן.
קוקן אין הימל דעם בלויען
און קינדער אַ קאַרטן־שטוב בויען.



— 3 —

אַזוי איז געווען און וועט בלייבן:
חלום וועט שטענדיק צערינען, —
אַ יונג מיט אַ היציקן זינען
וועט אים באַמאָלן, באַשרייבן

מיט ווערטער וואָס לעבן אויף זעלטן,
מיט פאַרב פון די העלסטע קאָלירן;
לאָזן אַ בלינדער זיך פירן,
און בענטשן וואָס אַנדערע שעלטן.

דערנאָך מיט געפיל פון אַ זאַטן...
וועט אומגיין מיט טרערן און טשעלאַ —
אַ גרויער און יונגער אַטהעלאַ
און שפּרייטן דעם סם פון סאָקראַטן.

— 4 —

ווער קען ווי דו נאָך דערפילן
דעם סם פון פאַר׳חלום׳טע ווערטער;
אַרומגיין אַ שטילער, פאַרקלערטער
און קיינמאָל די פיינען ניט שטילן.

ביז וואַנען דער סם וועט שוין טריפן
אַריבער די ראַנדן פון זינען;
געשיכטע וועט אפשר געפינען
דיין שריפט ווי אויף היעראָגליפן.



# פּאָעטן

פאַרהוילענע זיינען מיר אַלע
אין נעפּל פון טרויער און רייד:
טוט אַ פריידיק וואָרט אויף אונז פאַלן —
קלעקט קוים פאַר איינעם די פרייד.

ווי גנאָמען אין טונקעלע צעלן,
צעזעצט זאַלבעדריט, זאַלבעפערט;
פאַרגלידערט, פאַרוויגט אין אַ העלן
פאַר׳חלום׳טן סוד אויף דער ערד.

אַמאָל ווי פאַרליבטע אַקטיאָרן,
וואָס שפּילן דעם היפּער־עסטעט,
און ווערן פון שאַרפזין און יאָרן
אַזוי ווי אַ קילער סטילעט.

און אַמאָל ווי באַליידיקטע פרויען,
וואָס שמייכלען מיט טויטלאַכן פעסט;
דו וואָלסט זיי אַ וואָרט ניט געטרויען,
און ליבסט זייער דיכטערשן זשעסט.



## פאַרן שפּיגל

לידער מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער,
נאָר אַ קוק אויף אייך —
און דער חלף רירט זיך,
און דער חלף טאַנצט...

— 1 —

איך זאָג אַמאָל אַזוי צו זיך אַליין:
האַרט ווי דער פּאַל פון שטיין אויף שטיין
איז געפאַלן אויף דיר דער טאָפּעלער גזר:
עובדא פון חכם און אויפּטו פון נאַר
ווען אַנטפּלעקן דורך פּען און פּאַפּיר
די שיינקייט פון רואין אַרום דיר.
עס האָט דאָך נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געוועלקט
דער שאַנס צו ווערן באַרימט אויף דער וועלט.
וואָס שטופּסטו דיין נאָמען אין בלאַט און זשורנאַל
ווען באָדן שמעקט מיט פּאַנאַנדערפאַל;
גיי זינג פון אַ פויגל וואָס זינגט אויפן בוים,
אַז דו אַליין הערסט ניט און גלויבסט אין דעם קוים.
אַ פויגל זאָל זינגען אין וויסט און אין קעלט?
ווי חוזק'ט מען דאָס אַזוי פון דער וועלט.

— 2 —

לידעלאַך, לידלאַך און לידער,
ווערטער צום טויט שוין דערעטע,
און כראָנאָס שפּאַנט אונז אַריבער...
און קיינער פון אונז איז ניט גערעטע.

און זאָל זיך אפילו באַווייזן
אַ פּרץ, אַ ביאַליק — אַ איוב, —
אונז לייענט אַ לערער אין וואַרשע
און אפשר אַ טוצן אין קיעוו.

דער בראַווסטער פון אונז איז געגליכן
צו איינעם וואָס נייט אָן אַ קניפּל —
ביים אָנטאָן דעם בגד צעקריכן
די נעט אויפן קריפּל...

אָי — עס איז ניט צו דערציילן,
דער שונא וועט קלאַפּן אין טאַצן;
נאָר מיינס איז די וואונד ניט צום היילן —
פאַרגינט כאָטש די זיסקייט ביים קראַצן...

## ווי ווייט איך בין

מאָדנע ווי עס בענקט זיך נאָך קאָלעגן
אין לאַנגווייליקע האַרבסטיקע פאַרנאַכטן,
ווען קופּעס געלע בלעטער אויף די וועגן
דרייען זיך אין וויכערדיקע אַכטן.

איינזאַמע קליינשטעטלדיקע הויפן,
פאַרוועגנוס מיט אָנגעשטאָפּטן מאָגן;
ווי וואָלט איך איצט אַ באַן-בילעט מיר קויפן
און פאָרן וואו די אויגן וואָלטן טראָגן.

איך גרייט זיך אַלץ און קען זיך ניט דערנען
צום וואונדער-לאַנד פון וואונדן און פון האָניק.
איך האָב דאָך נאָך קיין איינמאָל ניט געזען
לאַנדוי'ן, נחום יוד'ן אָדער ראָלניק.

פריילאַכער וואָלט איך מיין לאַסט געטראָגן,
חלום וואָלט ניט טריקענען אין טינט.
איך בין אַזאַ וואָס קען נאָך לידער זאָגן,
און וואַרפן זיך מיט לידער אויפן ווינט.

מאָדנע ווי עס בענקט זיך נאָך קאָלעגן,
נאָך דיכטער ביי די טישן פון קאַפיי, —
ווען וויסטע ווייט און טרויער אויף די וועגן
דערמאָנען מיר ווי ווייט איך בין פון זיי.

# דער שטומער האר

צו קלאָד מעקעי

ניט רעד צו מיר פון היים־זויי און ראַסנהאַס, קלאָד מעקעי.
מיר זיינען ניט די ערשטע און ניט די לעצטע צוויי
וואָס צערטלען מיט אייפער דעם באַרעכטיקטן שאַבלאָן. —
ניטאָ שוין באַלד מיט דעם זיך וואו אַהינצוטאָן:
וויין, ווייב און רייד — פאַרצערט האָט אַלץ דער דרייפאַכער
גּעיעג,
אָפּגעווישט איז לאַנג שוין דער ליכטיק שמאָלער וועג
וואָס פירט צו ליבע און צו גאָט. חבר, איך שווער —
איך ווייס ניט וואָס איז איצט נאָך ב י ל י ג ע ר
פון וואָרט, אפילו באַ דעם וואָס נוצט אים אין אַ תשובה־שעה;
צו וואָס, צו וועמען דער „אַווע מאַריי" און „סאַלע מעיאַ",
וואָס גלגול'ט פון אַ היפּערזיניקן מילטאָן אָדער קיטס:
ווערטער, ווערטער, — מאַטילנפלאַטער אויף אַ נאָדל־שפּיץ.
איך ווייס נאָר אַז די ברוינע מויד, וואָס טאַנצט אַ נאַקעטע
אין וויסטן וואָדעוויל,
ברייננגט מיר טרערן אין די אויגן. מיר דוכט — עס וויינען
מיט די ווענט, די שטולן און דער דיל,
ווי עס וויינט פאַראיינס דאָס קראַנקע אינגל אירס, וואָס
וואַקלט ווי אויף הינערטריט,
אַז בלויז זיין בליק אויף מיר — און גאָט — איך האָב קיין
ווערטער ניט.

נאָר דו, בראָנזענער ברודער (אַפריקאַנישער ווערלען),
האָסט דאָך שוין דעם טויט און דעם איבערטויט אויפן בוים
געזען...
ווי אין שווינדלשיין פון אַ קאַליידאָסקאָפּ
בעת מ׳זעט אין אים אַ בלוטנדיקן יעזוס מיט אַ מעדוזע־קאָפּ...
נאָר ניט דעם שטומען האַר, וואָס זעט אודאי אוים ווי
„אַנקל טאָם״,
וואָס טראָגט דעם שליסעלע פון ערלאַך ברויט און חן פאַר
שטאָם מיט שטאָם,
ווי אַ בוגרת טראָגט איר ציצן־רייץ פאַר לייט מיט הייסע בלוט.
(אָ, עסטעטיקער, פאַרגיט די רייד פון אַ הדיוט)
נאָר ווער וועט גלויבן דעם שטומען האַר אַז ער האָט דעם
שליסעלע שוין לאַנג געהאַט?
אַז רעדן רעט ער ניט און קאָן אפילו ניט לייענען אַ בלאַט,—
(דער אמת — אַ געשענדעטער — ווײנט דאָך דאָרט,
אַ שוויין אפילו וואָלט גע׳פּגר׳ט אויפן אָרט
ווען ער וואָלט כאָטש געקענט דאָרט איינמאָל טאָן אַ לעק —
ווער רעט שוין פון אַ לעבנלאַנג עסן צייטונגס־ד...)
אַז ווען מ׳זעט אים מיט דער לאַסט מיינט מען, ס׳איז אַ שטיר
אין שפּאַן;
נאָר מ׳ווייסט ניט ווי קראַנק ער איז שוין פון דעמאַגאָג און
גראַפּאָמאַן,
פון רייד און לויב און לידער אויך, וואָס שמעקן שוין ווי
טכוירן־בלוט...
כאָטש גרייכן גרייכן זיי דאָך סיי ווי דאָרט וואו אונזער
אומגליק רוט,
ביז שטאַרקער דונערזאַלפּ וועט ברעכן זיין דורותדיקן קלעם,—

ווען עס זיין אַן וואָרט, נאָר שטאַרק, ווי דער געררוך וואָס
שלאָגט פון אונזער וועלטבאַנעס.
נאָר דאַן וועסטו שוין אויך זיין שטיל, ווי דער אָדלער אונטער
וואָלקן־פלי.
וועט מען באַלאַרבערן און באַזינגען דיך מיט אַ יזכור־מעלאָדי.
נאָר ניט אין דיינע־ מיינע טעג וועט קנאַקן דער געאַנטער נס:
די ברוינע מויד וועט לאַנג נאָך לאַבן זיך מיט „האַט דאָגס"
און דזשעס,
דער שטומער האַר וועט לאַנג נאָך ליגן אונטער מיסט פון גאָט,
און איך — אַ זויפנבלאָז, אַן עפּעמער, אַ, קלאָד.

## און וואָס וועט זיין

און וואָס וועט זיין אַז איך וועל אים באַגעגענען
און ער וועט מיר קיין בייזן בליק ניט שענקען,
און אויפן האַלדז וועט אים דער צלם פעלן
און אין די הענט — די רויטע גראָב באַאָדערטע
וועט ער גאָר אַן אַקער־אייזן האַלטן:
זיין אָרים שטיקל ערד באַאַקערן,
און וועט מיך נאָך מקרב זיין מיט ליבע און מיט זעליקייט
און זאָגן מיר: איך האָב געוואַרט אויף דיר —
טאַ קום און זיי מיין גאַסט אַצינד,
און בעטן איך זאָל בענטשן גאָר זיין טרויעריקע הויזגעזינד,
און וועט זיך נאָך אַ שלוכצנדער — זיך קניענדיק —
פאַר דיר מחילה בעטן, —
ווי זשע וועל איך, מאַמע מיינע, הייליקע,
דיין משפט קענען אויספירן?

## טרייסט קומט שפּעט

אין שפּעטער שעה — די שטילקייט און די פּען,
די אויסגעשלייפטע שיינקייט פון אַ פערז
וועלן ניט איינמאָל נאָך פאַראַטן דיין געמיט;
ווי אַ וואַנדערער אין מדבר פאַרגאַפּט פון דיין כימער,
וועסטו זען ווי אימפּעטיק פּעגאַזוס פליט
מיט קרענץ פאַר זיג איבער דיינס אַ העלדנליד
צו זינגען שבת, יום־טוב און מאָנטיק;
דאָס פאַרבאָרגנסטע וואָס קיינער זעט גאָר ניט
וועט שפּיגלען זיך ווי זויפנבלאָז אין זון,
טויזנט מאָל ליכטיקן אין שפּילנדיקן בלענד
און — אין איין רגע טונקלען און ניט ווערן...
און בלייבן וועסטו פאַרט דער נאַר
(דער אויסגעלאַכטער, און מיר — באַליבט דערפאַר),
ווי דער פּענגגווין*) פון די אינזלען די זילבערנע,
וואָס מיין פינסטערער שכן האָט אַהער געבראַכט
צום פּייניקן, פּייניקן און זען ווי ער שטאַרבט
מיט אַזאַ וואונדערלאַכן זינגענדיקן טויט,
כאָטש זינגען קען ער ניט, נאָר שטאַרבן איז ער גרייט.
ליבער, גלויבנדיקער דו,
ווי שפּעט עס קומט די אָפּגעוואַרטע טרייסט.
ווייסט? אויך זי וויל ווערן אויסגעלייזט;
אַ לעבן לאַנג ראַנגלט זי און שרייט:
**איך בין דאָ! איך בין דאָ!**

---

*) פּענגגווין — אַ ים־פויגל.

נאָר דו הערסט זי ניט — מיינסטו זי איז ווייט,
ערשט שפּעט ווען די גרוי־זילבער יאָריקייט קומט
ווי אַ זקנה׳לע, אַ ציכטיקע, אַ לויטערע און — שטומט...
ווייל די אומגעהיירע עשירות׳דיקע טרייסט
וואָס זי ברייננגט דיר איצט מיט אַן אָפענער האַנט —
לוין פאַר אַלץ — דאַרפסטו דאָך שוין ניט,
סיי־ווי־סיי ביסטו שוין רייך,
דאַרף מען דען אַ בריק איבער אַן אויסגעטריקנט טייך?..
אָבער דאַמאָלט קען מען ערשט באַנעמען און פאַרשטיין
אַז מע טאָר ניט — קיינמאָל ניט געטאָרט
מיד ווערן פון האַקן אין דעם האַרטן שטיין.
(ווי אַ זינדיקער, וואָס שטייט פאַר גאָט
און שלוכצט מיט ענטציקנדיקן פּיין
און שלאָגט זיך מיט די פויסטן אין האַרץ אַריין),
ביז דער קוים הערבאַרער עכאָ אין דער ווייט
ענטפערט אָפּ, ענטפערט פאַרט
מיט אַ שאָטן, כאָטש מיט אַן אָפּדאַכט פון אַ וואָרט:
איך בין דאָ. איך בין דאָ.
אָבער ביז דאַן, אַ ליבער גלויבנדיקער מענטש,
אויב עמיץ וועט דערמאָנען דיר די אויביקייט —
טו דעם מעגלאַכסטן דינסטן שמייכעלע און — שווייג.
צער׳פולער דו, אַ ליבער מיינער, שווייג.
ווי עס שווייגט דער שוואַכפליגלענדיקער פּענגווין
(וואָס דערמאָנט שוין באַלד מיך אַליין אין שטייג...)
ווייל פליען קאָן ער ניט.
זינגען קאָן ער ניט.
ער האָט עס קיינמאָל ניט געקאָנט.
און דער שכן מיינער פּויקט אין אים און מאָנט:
Sing! Why in the hell don't you sing!

# שכנים

צו י. י. סיגאַלן

ווער האָט געוויינט באַ דיר נעכטן באַדערנאַכט?
כ'האָב ניט געשלאָפן ביזן בלויען מאָרגן,
איך האָב געהערט אַ כליפּן אין דער נאַכט —
צי האָט זיך ווער געוואָרגן?

— וואָס פאַלט דיר איין, אַ גוטער, ליבער שכן.
וואָר, איך בין מיט אַנגסט באַלאָדן;
דער ווינט איז נעכטן אומגעקראָכן,
געקלאַפּט, געוויינט אין מיינע לאָדן.

— ניין, איך האָב געהערט אַזאַ פאַרשטיקטן יאָמער,
ווי אַ שעפּס ביים אָנלויף פון אַ וועלפין.
זאָג, וואָס פעלט דיר, שכן, טאָמער
קען אַ שכן העלפן.

— אָי, צו שפּעט, מיין טייערער, פאַרפאַלן.
לאָמיר גלייכער שוויינג,
איידער מיינע טרערן נעמען ווידער פאַלן
ווי אין האַרבסט די בלעטער פון די צווייגן.

# דער באַריער

סער אייזיק ניוטאָן און עמאַנועל קאַנט,
ווער האָט געלייגט דעם באַריער צווישן מיר און אייך?
איך שטיי ווי פּאַר אַ וואַנט בײַ אייער קעניגרייך,
איך — דער ערן־בירגער פון אַ וואונדער־לאַנד.

איך האָב אַ דימענטענעם שליסעלע געמאַכט,
מיט מיינע הענט האָב איך אים אויסגעשליפן,
ביז פון די פינגער האָט שוין בלוט גענומען טריפן —
אויפצושליסן די זון אין מיטן נאַכט.

איך גיי אַמאָל אַדורך די ברייטע קאָרידאָרן
פון געטע, דאָסטאָיעווסקי און שעקספּיר,
איך וואונדער זיך ווי גרינג מיין שליסעלע עפנט יעדע טיר.

הילפלאָז שטיי איך צעטומלט און פאַרלאָרן
בײַ די טירן אייערע — אַ זינגענדיקער שוואַן,
איך, פּאָעט, טיף־פילנדער פאַרשעמטער אָרימאַן.

## באַ מיין פענסטער

באַ מיין פענסטער בליט דער בעז.
טויאיקער דימענט שטראַלט.
איך זאָג צום באַשעפער: יצירה איז נס
און ווייס אַז דער נס איז אַלט.

אַלט ווי מענטש, ווי וואָרעם און ערד,
און אַטאַוויסטישער גזר.
די שיינקייט, ווי אַ גאָלדענער שווערד,
גייט איבער פון חכם צום נאַר.

די שוואַלב זאָגט אָן: דער פרילינג קומט.
דער דונער ברעכט איבער דעם בוים;
עס דויערט ניט לאַנג און דער אָנזאָגער שטומט,
בלייבט אַ באַליידיקטער טרוים.

דער נזיר ווייכט פון וויין און פרוי,
און טרעט אויף דער ערד ווי אויף גלאָז;
דער שטאַרקער קומט ווי אַ פּראָמעטיי,
פאַרשווינדט — ווי אַ זייפנבלאָז.

אין ליבע צום מענטש, אין הונגער נאָך גאָט
בליט די שנאה ווי בעז;
די ביבל ברענגט טרייסט דעם האָטענטאָט
און מיר — דאָס ליד, דער נס.



# טיף ווי דער ים

דער קלוגער רעט גרינג און רעט שיין.
זיין טונקעלער וואָרט ווערט העל
פון שאַרפזין וואָס שנייט ביזן ביין,
און אַמאָל ווי דער וויאָלאָנטשעל.

דער זשעסט פון מענטשאַלן פאַרנעם:
דאָס טויכן אין טיף, דער מאַניער —
סאַראַ רייץ ס׳איז אין דעם,
ווי מענדעלע און ווי וואָלטער.

נאָר די צונג די פאַרשעמטע באַ׳ם תם —
ליגט אין זיין מויל ווי אַ שטיין;
אַ גאָט מיינער, טיף ווי דער ים
ווערט מיין האַרץ ווען איך הער זיין געוויין.





## שיקאַגער שעכטהויז

צו דער האַרץ פון דער וועלט,
וואו עס ציטערט דאָס שטילע ליכט פון גאָט —
גייט אויף דער גרויל פון שאָפּענעם גיהנום.
אַ ניט דערשאָכטענער מאַאַמאַט שטייט אין מיטן שטאָט
און פון זיין קעל — בלוטנדיקע כאָראַלן
פון קו, שטיר און שוויין
שרייען דורך פייער און וואַן:
דאַנטעס „אינפערנאָ" איז ליגן.

אויף דאַנטעס קאָפּ וועט דער לאָרבערקראַנץ ניט וועלקן.
(עס האָבן פּאָליגלאָטישע אַפּאָסטאָלן
ביז ווערטער מאַנגל — יעדע בלעטעלע געבענטשט —
עס זאָל אויביק בליען).
נאָר די ציטעריקע קלויען פון די צאַרטע לעמער
אין קלעם פון מאַלאַטישן האַמונקולום —
וועלן פון דאַנטעס קאָפּ דעם קראַנץ אַרונטערייסן.



אלטער עסעלין

## האַרבסט דערמאַנט

קוק ניט אין פענסטער ביינאַכט ווען עס רעגנט.
פאַראַן אַזאַ טרויער וואָס דרינגט דורך די שויבן,
פאַראַן אַזאַ אמת וואָס דו וואָלסט ניט גלויבן
אין האַרבסטיקן פענסטער ביינאַכט ווען עס רעגנט.

לאַנגזאַם און שטעכיק ווי מוסר פון גרייזן
קנוילט זיך פאַנאַנדער די וואָרהייט אין גרויען,
דיין אַלטע האַרץ וואָס איז שטאַרקער פון אייזן
פאַרביינקט זיך נאָך בראַנפּן און צאַרטקייט פון פרויען.

נאָר ניטאָ אַזאַ פרוי און ניטאָ אַזאַ ליקער, —
פאַקטן פון עבר רעדן איצט קלאָרער;
דו ביסט ווי אַן אַלטער צעבויגטער צילינדער
פון אַ מאַנאַרך אופן קאָפּ פון אַ שנאָרער.

דאָס אָרימע האַרץ נאָר זי פּלאָנטערט און פּלאַטערט
אַריבער דער ווייטסטער פאַנטאַסמאַגאָריע;
אויף יענער זייט ווייט ליגט דיין לעבן צע׳פּטר׳ט,
אַ שד לאַכט אין פענסטער — מאָמענטאָ מאָרי.

דיין אויג האָט ניט איינמאָל געפינקלט מיט טרערן,
ניט איינמאָל מיט שמייכל דעם אומקום באַגעגנט;
נאָר מאָדנע ווי הילפלאָז אַ מענטש קען ווערן
אין האַרבסט ביים פענסטער, ביינאַכט ווען עס רעגנט...

# דער טויט

דער טויט איז ניט קיין בייזער זקן,
שרעק זיך ניט פאַר אים אַזוי;
ער קומט צו דיר אָן פּויק, אָן גלאָקן
און לייגט דיך אונטער גראָז און טוי.

דאָס לעבן בלענדט דיר אין די אויגן
און פאַרראַט דיר דיינע טריט;
ער רייצט דיך מיט אַ רעגנבויגן —
וואָס אונטער אים — דערווייזט ער ניט.

דער טויט איז ניט קיין בייזער טיגער
און ניט קיין בלינדער געץ פון ליים;
ער שנעלט אין נאָז די שטאָלצע זיגער'
און ברייגנט די היימלאָזע אַהיים.

## דער טויט קומט אין ארים הויז

דער טויט קומט אין אָרים הויז אַריין אַ זיכערער, —
ווי אַ גאַסט צו אייגענע — ער קלאַפּט ניט אָן אין טיר,
ער איילט ניט און און זאַמט זיך ניט,
און נעמט מיט פעסטע הענט וואָס אים איז אָנגעגרייט.
נאָר ביים ערשטן זאַלפּ פון אויפגעפּראַלטע קעלן,
וואָס שטראָמט מיט יאָמער פון דעם אָרימשטוב
און טראָגט זיך אין וויסטן חלול ביז דאָס האַרץ פון גאָט, —
בלייבט ער שטיין געפּלעפּט און בויגט זיך אין חרטה:
דערפאַר טראָגט ער שטענדיק שוואַרצע קליידער
און ווייכט פון טרייסט און העלע מראה.
נאָר זויגלינג אין די שויסן
און קינדער אין די וויגן
באַקומען דעמאָלט קלאָרע ווייטזיכטיקן אויגן,
און זען אים ווי אין אַ רעגנבויגן.

צום ערשטן מאָל דערהערן זיי דעם קול פון אמת,
וואָס איז אייביק — ווי ערד און הימל.

## שיינקייט

איך וועל קיינמאָל ניט גלויבן
אַז די שיינקייט פון זאַכן ליגט גרייט און פון אויבן;
איך וועל שטענדיק זוכן אין נעפל און שאָטן,
אונטער וואוּאַל פון מיסטעריע, שלאָס פון פאַרבאָטן,
אין שפּאַלטן פון פעלזן, אין פּחד פון שאַכטן.
איך וועל טיפקייטן שניידן מיט טרוימרייכן טראַכטן
ביז די וויטסטע אַטאָמען וואָס גאָט האָט באַהאַלטן
וועלן ווערן פאַר מיר אַנטפּלעקטע געשטאַלטן.
איך וועל שפּיזן די אויגן און שאַרפן מיין אויער
אויף ליפּן פון שטאַמלער און קינדער אין טרויער;
וואו גרונטיקט דער אורקוואַל פון פאַרבן און טענער;
ס׳ווילט זיך מיר גלויבן, אַז דער שיינער רעגנבויגן
איז אויף יענער זייט הימל נאָך טויזנט מאָל שענער.

# גאלד און בלוט

דעם האר׳ס פּאַלאַץ שטייט הויך אויפן באַרג —
ווייס און ניי.
פון דעם רויטן דאַך בלאַנקט פריש פאַרב אַראָפּ;
פון געזימס און קאָלאָן
און פון קאַפּל אין אַרק פון דעם ברייטן באַלקאָן
זינגט די דערגאַנצונג פון אַרכיטעקטור,
שטיל און האָפערדיק —
ווי דאָס געזאַנג פון גאון ביים דערפאָרשונג.

די גרינע הערצער פון די גילדערנע דעפּאָדילן —
אַ שרונט אויפן לאָן ביים ראַנד פון פּאַלאַץ
עגבערן זיך אין די מילך-ווייסע ווענט,
און שטראָמען מיט רייפקייט און פרייד פון דער ערד:
עס איז סוף זומער — און פאָלקאָם וועלט.
נאָר אַ שטער פאַר דאָס ליכט פאַר דעם האר׳ס קאַבינעט
שטייט הארט ביים פענסטער
צעצווייגט און פאַראײנזאַמט — ביז גרונט פון דער ערד —
דער פּאַטריאַרך אַקאַליפּט,
פאַר וועלכן מ׳האָט שוין אַ וואַלד-האַק באַשטעלט
און אַ שווארצן יונג מיט צוויי הפקר-הענט
(ניט ער און ניט גאָט ווייסן וואָס צו טאָן מיט זיי...)
פאַר אַ לוין פון אָפּפאַל ברויט און אַלטן ראָק.

# אונטער דער לאַסט

די מיטאָג זון גליט, בלענט ווי אַן אויג פון גאָט
און נעמט אויף דעם ערשטן קרעכץ
וואָס ברעכט זיך אַפיר פון אונטער דער האַק:
אַ בויג, אַ זינק און אַ פאַל —
אַ ריזיק לעבן פאַלט!
ליגט פלאַך אויף דער ערד.

מיט טויזנט גרוילן ציטערט אויף דאָס האַרץ פון דער ערד.
הייסער דאַמפף זעצט פון דעם ווייסן אָפגעהאַקטן שטאַם;
עס איז שטיל.
נאָר דער רויטער זינגפויגל וואָס איז האַלבוועגס מיטגעפאַלן
האָט דעם נס ניט דערוואַרט,
דעם טרוים ניט דערטרוימט,
ניט דערזונגען דאָס ליד
און דער נעסט אויפן בוים איז צעשטערט.
איצט האָט ער די פליגלען צעשפּרייט
פלאַך און שטייף
און זיך אויפגעהויבן גלייך אין דער הויך,
ווי אַ רויטער מעטעאָר אין דעם בלויען אַזור,
מיט געשריי: עס איז נאָך ניט דער סוף,
ניט פון נעסט, ניט פון בוים —
אַלץ בייט אָרט.



# נאָך איידער די עפּל וועלן פאַלן

נאָך איידער די עפּל וועלן פּויקן אויף דער ערד,
איידער דער נאָדלבוים וועט שטאָלן זיינע שפּיצן
פאַר דעם קאַלטן פייפנדיקן ווינט —
זאָלסטו זיך פאַרגרייטן אַ ביכעלע לידער;
בעסער איז דעם, וואָס איז נאַקעט און הונגעריק אין ווינטער,
בעסער איז דעם, וואָס זינגט ניט קיין לידער
אין דעם לאַנגען קאַלטן ווינטער.





## צייט שטייט

„מען זאָגט: די צייט לויפט. ניין, אַלץ שווינדט;
צייט שטייט שטיל" — לאַריידאַ טעפּט.

צייט שטייט, עס זיינען מיר וואָס שווינדן
און לאָזן איבער בלוטנדיקע שפּורן —
ווי זינקענדיקע אָוונט־זונען שטילע ים'ען צינדן.
צייט שטייט, עס זיינען מיר וואָס שווינדן
אין טונקעלע און ווייטע לאַבירינטן, —
ציטערדיקער צער־ריטם ווײַנט אין די נאַקטורן.
צייט שטייט, עס זיינען מיר וואָס שווינדן
און לאָזן איבער בלוטנדיקע שפּורן.

## קיינער ניט

קיינער איז נאָך צו פרי ניט געקומען,
און קיינער האָט גאָרנישט ניט פאַרשפּעטיקט;
גאָט האָט רוים און צייט פאַר זיך אַליין פאַרנומען.
קיינער איז נאָך צו פרי ניט געקומען:
ניט דער וואָס האָט די וועלט אַרומגענומען,
ניט דער וואָס האָט מיט ברויט זיך ניט געזעטיקט, —
קיינער איז נאָך צו פרי ניט געקומען,
און קיינער האָט גאָרנישט ניט פאַרשפּעטיקט.



## דער וועג צו גאָט

דער וועג צו גאָט איז אָן באַגלייטער,
און ווי אין זינק־זאַמד דינע טריט,
שפּור און ריכטונג — אַלץ פאַרוויייטער —
דער וועג צו גאָט איז אָן באַגלייטער:
ברוינער מדבר, ברייט צעשפּרייטער;
נאָר אַזים־כשוף ציט
אין וועג צו גאָט — אָן באַגלייטער
און ווי זינק־זאַמד דינע טריט.

## שטריינג און אפן

איך זאָג אייך שטריינג און זאָג אייך אָפן:
איך גלייב נאָך אַלץ אין וואָס איר לעסטערט.
איך, וואָס בין פון אייך אַנטלאָפן,
זאָג אייך שטריינג און זאָג אייך אָפן:
איר האָט דעם אומגליק נאָך פאַרגרעסערט,
איר האָט אַליין דעם וועג פאַרפעסטעט —
איך זאָג אייך שטריינג און זאָג אייך אָפן:
איך גלויב נאָך אַלץ אין וואָס איר לעסטערט.

## געווּיסנביסן

גרויזאַמע שעה פון חרטה,
ווי שטרײַנג איז דײַן אָנקום:
מירמעלנע ווענט פון פּאַלאַצן,
אײַזערנע גראַטן פון תּפיסות —
אַלץ ברעכסטו איבער.
דערמאָנסט וואָס מע טאָר ניט געדענקען,
פֿאַרנעפּלסט וואָס טרײַסט דעם זכּרון,
און פּײַן ווערט סטאַביל ווי די „ראַקים".
איז וואָס זײַנען טרערן
און וואָס זײַנען טענות
קעגן דעם מויל פון געווייסן
וואָס בײַסט ווי אַ קאָברע —
ביז האַלדזן דעם רשע,
ביז קושן דעם שונא.
און האַרץ, ווי אַ פּעדער אַ ווײַסע,
פֿלאַטערט אין מאַטער
און פֿאַלט אין די אָרעמס פון גאָט.



# איבערוווערטערלאַכע שטילקייט

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט —
בוימער שטייען זאַט און אומעטיק,
קוים, קוים אַ בלעטער-רויש.
הויך — אַ שטערן-ציטער.
פייער-פליגן בליצן אין געפּאַלבטן לייווענט.
שטילקייט שטראַמט פון דער לבנה.
שטילקייט אויף דער גאַנצער וועלט.
פון מיין האַרץ רייסט זיך דינע שמחה,
שמחה גייט איבער אין גבורה און לויב
פּאַר אַנונג און זכיה.

ווי גרינג דער פלי צום העכסטן הויך!
דער פאַל אין טיפסטן תהום!



# פון קעניג ביזן ווארעם

דער פרוש זאָגט — איך וויל ניט מיינע ווענן,
איך ווייס פאַראוים וואוהין מ׳קען דערגרייכן,
רחבות׳דיק צעשפּרייט פון מיינעטוועגן
ליגט אויף אַלץ דאָ דער רואינען-צייכן.

אָט דאָ אין הייל, צווישן שטויב און שטיינער,
איז גאָר מיין וועלט — פון קעניג ביזן וואָרים,
און ווי גאָט, אַ וואָרט אַזאַ, אַ ליבם און אַ שיינס,
איז ליב מיר דער, וואָס איז אַ שטיל אי אָרים.

גלאַנץ פון שטאָט און פרעכע פרייד פון זאַטן —
ווי רויטער פייער-רייץ — דעם פיינעם בליק צום נאַרן; —
נאָר דער טויט איז וואָר אין מדבר ווי אין אַטען,
און בייסט ווי ציין פון יעגואַרן.

שטאָלצע, שטאַרקע רייד — זיי האָב איך לאַנג פאַרגעסן,
ווי אויף די מערק דאָס פּלאַפּלעריי פון פרויען.
אַ גאָט, ברויט מיט זאַלץ גיב מיר גענוג אויף אָפּצועסן,
און איך וועל זיך מיט הויכע ווענט פאַרבויען...



## קיינער זיגט ניט

זינג ניט צו גאָט דורכן תהלים:
אייגענעם טעקסט דערפינד. —
רוי ווי וואונד און דין ווי ווינט,
וועסטו גאָט דערזען דורך אַ טרערן־פילם,
קלאָר זעט אים קיינער ניט.
אַ סימן אַז דו וועסט ווערן דערהערט —
וועסט קושן די ערד;
וועסט ווערן גרינג ווי אַ טירטל־שפּרונג
און זאָרגלאָז ווי אַ לעבע־יונג,
די ליבע וועט בליען ווי פּרוכט אויף בוימער,
און רייך וועסטו ווערן — אַ גביר אַ געהיימער.

נאָר ביז מ׳עט דיך טראָגן צום הייליקן אָרט
זאָלסטו שטענדיק געדיינקען:
„זיג" — אַט דאָס נאַרישע וואָרט
מער אויף די ליפּן נישט ברייננגען.



# מיין שכן לאַכט פון מיר

מיין שכן לאַכט פון וואָס איך טו,
מיין מי איז אים דערווידער.
אַ מענטש, זאָגט ער, אַזאַ ווי דו
פאַרשווענדט ניט נעכט אויף לידער.

אַ מענטש דאַרף רוען באַדערנאַכט,
בייטאָג מוז פּראַצע קלינגען.
נאָר ניט דורך ווערטער דין געמאַכט
פאַר טרוימער־לייט צו זינגען.

זעסט — איך האָב אַ ווייב און קינד,
און ערד, און שאָף און אָקסן;
כ'האָב ניט געזייט מיין מי אויף ווינט —
איז עפּעס אויסגעוואָקסן.

און דו, וואָס האָסטו פון דיין ליד,
וואָס זוכסטו אין די ספרים?
קיין טרייסט אין זיי געפינט מען ניט —
און שטאַרבן וועסטו אָרים.

# די רייד פון וואגאבונד

און אַז מ׳קען קיין אייגן וועג ניט ווילן
העלפט שוין ניט פון ברייטן טראַקט צו וויכן...
און אַז מ׳קען קיין לאָרד אין וועג ניט טרעפן —
מעג שוין זיין אַ בעטלער אויך דיין גלייכן.

אַ בעטלער דאַרף פאַר בעטלער זיך ניט קניען,
אַזוינער וועט זיין גלייכן ניט פאַרשעמען.
און אַז מען דאַרף אַמאָל אין פעלד זיך שלאָפן לייגן,
איז מורא האָבן אויך ניטאָ פאַר וועמען.

נאָר ווייז איז דעם, וואָס ציט צו רייכע זאַלן,
וואו פאַזשן שטייען שטייפע ווי אין פרענטן;
באַדאַרף מען שוין אַ שטעקן אַ געטאָקטן,
און מאָלן אויפן טאָרבע אָרנאַמענטן.

אַזוינער דאַרף גאָר אָנקלאַפּן צום קוכער,
און בעטן אים דאָס אָפּפאַל פון די טישן —
און דאַנקען — ווי אַ קרעכצנדע באַנדורע,
און וויסן וועו און ווי דעם נאָז זיך ווישן...

גלייכער שוין צו מעלדן זיך צום פּריץ:
העיי! צי דאַרף מען וואָס פאַריכטן?
באַצאָלט: —— דערנאָך איין לאַנגען פייף
אויף דעם בינטל פליכטן.

אַלטער עסעלין

# באַלאַדע פון אויסערן לעבן

דאָס לעבן האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר
ווי איינער וואָס טרויערט אויף קלאַוויר,
און איז אַריין מיט מאָנענדיקע הענט:

— צי וואוינט דאָ דער וואָס האָט אָפּגעבערענט?
— אָפּגעבערענט? און אַז יאָ איז וואָס?
— אויב יאָ, איז שוין צייט צו צאָלן
מס פאַר רגע׳ס פון אַמאָלן.

לעבן מיינס, ליבער רייכער לעבן:
איך האָב ניט וואָס צוריק צו געבן:
איך האָב געהאַט פון אַלדעם גוטס,
געהיט, ניט איינגעזאַלצט, אויסגענוצט.

האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן ווי אַ באַנקראָט:
— טענה ניט, מיין שותף מיטן אַלמאַנאַך
מאָנט; שוין צייט, שוין צייט צו צאָלן —
און איז ניט געוואָרן.

זינט דאַן גיי איך מיט שטילע טריט,
אַלצאיינס, צי ס׳איז צום אָפּגרונט, צי צום זעניט;
גלעט דעם שטויב אויף אַלטע ווערק
און ווייך ווי אַ פּרוש פון פרויען און מערק,
און וואָס איך זע און וואָס איך הער
איז ווי דורך טיפע ברונימער. —

ערגעץ פליסט נאָך פרייד און ליכט,
נאָר אַרום מיר איז האַרטע פליכט
און ליבע אויך — נאָר מער איז האַס,
און דאַרף פון דעם נאָך צאָלן מס...

— —
—

# רעטראספעקט

הערבסט. דינע קאַלטע שטערן.
ווי דורך צעבראָכענע אָרגלרערן
גייט אוים די לעצטע סימפאָניע פון זומער.
צום וויפלטן מאָל פאַלן בלעטער
אויף דעם אַשיקן דעמער פון גראָז.
אָ, גאָט, סאַראַ שווינדלן פון יאָרן!
נאָר איינמאָל פאַרקריצט אין זכרון
האָט אַ צאַרטע און מעכטיקע האַנט
מינוטן, ערטער און זאכן —
ווי שפּענער אויף שוימיקע שטראָמען.
מיר איז ליב נאָך איצט צו דערמאָנען,
ווי אַ פיינלעכע מעלאָדיע —
אַן איבערגעריסענעם נאָמען
פון אַ דאָרפישער אַנאַבעל לי.
און עפּעס אַ ווייסער בערעזענער שליאַך,
וואו לבנה און גנאָם זיינען וואַך,
אין דער ווייט ווי אַ שוועבנדער שפור
פון אַן איינזאַמען גוי מיט אַ פור.
נאָר געוון זיינען אויך ראַנדעוואוען
אין קוסטן, וואו לייב וועט ניט רוען.
לייב און לייב און בלוט ווי קאַרעלן —
דערנאָך אַ פּאַטאָס פון שווייגן.
ווי דורך אַ פאַרנעפלטן פילם
פיר אויגן דורך טרערן. —
און אין האַרץ אַ געבעט ווי אין תהלים.

## פרויען

פרויען, שיינע און רייפע,
באַלאָדן מיט דער לאַסט פון ליבע,
איך האָב אייך געזען אין ליכטיקע געפאַרן:
עס האָט יעדער גליד גערעגט מיט עקזאָטישע באַגערן,
מיט די אויגן געמאָלן טרוימען און געבעטן
פאַר זיך און פאַר האָפערדיקע נאַרן —
געהיים געפּאָרט זיך מיט אָרימע פּאָעטן,
אין פאַרנעפּלטע אַלייען פון בולוואַרן
האָט איר ליידנשאַפטלאַך פיל און פרום גערעט
מיט זשעסט און מעטאַפאָרן...
און פאַר באַמאַנונג איז דאָס האַרץ צעזעצט געוואָרן.
אָ פרויען, אַלע לאַסטן זיינען שווערע,
נאָר לאַסט פון ליבע איז — די שווערסטע.
ווען ציינער זיינען שאַרפער פונם שכל...
און בלוט — עכטער נאָך פון צניעות.
מיט וויפיל פּראַכטן האָניק און פאַנפאַרן
נייט אויף פאַר אייך צום ערשטן מאָל
דאָס פאַרביק ליד פון פרעכן לעסטערער...
דערנאָך, און שפּעט — גאָט'ס טרייסטפולער רחמנות
צום שוץ פאַר וויטערן נסיון,
ביז די פּאות גרויען
אין לעצטן פלייט־פייף פון האַרבסט.

## אַלטער עסעלין

# לידער פון א בוכווארם צו גאט

—1—

## דימיטרי

דימיטרי קאַראַמאַזאָוו האָט דיך שפּעט דערקענט,
סאַראַ לאַנגען וועג און סאַראַ מאָדנעם גאַנג:
דורך ספּירט, ווייב און האַרטע תּפיסה־באַנק.
ער האָט זיך דורכגעריסן ווי דורך פייער־ווענט, —
דאָס הייליקע ביימעלע מינץ אויפן האַלדז,
דעם האַלב באַרעכטיקטן, פאַרשוועכטן כבוד־אב —
ווי ער וואָלט געשלעפּט אַ העלפאַנד אויפן קאַרק,
וויפיל מאָל אַרופ־אַראָפּ און וויפיל מאָל זיגזאַג.
הינטער אים — אַליאָשינקא און פאָטערל זאָסימאָ.
אין אוניסאָן — די קושן פון אַ שלוכצנדיקער פרוי,
נאָר דימיטרי איז געגאַנגען און געקומען אַליין,
ווער עס וויל קען ציילן זיינע טריט אויף רויטס,
ווי פון אַ באַרוועסן אויף צעשטויסטן גלאָז.
ווי וואויל ער האָט געוואוסט:
צו דיר מוז מען גיין אַליין. —
ווי שלינגען מיט דער קעל,
ווי ליפּלען מיט אַ פרוי...
און ער האָט דיך דערגרייכט מיט אַלע איברים זיינע,
ווער האָט עס געהערט אַזאַ הודו לאדוני?

סאַראַ פּרויד אויף אים ווען ער האָט דיך דערזען:
— נאַ, אַט האָסטו אַלץ צוריק,
דיינס און — מיינס אויך, גאַנץ און פייער־ריין.
און ער האָט געַרעט הויך און קלאָר,
און ער האָט גערעט שטאַרק און אָפן ווי אַ בוימבראַך;
אַ — איך הער נאָך איצט זיין מעכטיקן טענאָר
ווי אַן עכאָ פון דעם סיני־דונער.

—2—

## דריי גראַציעס

ווען איך פאַרמאַג בעטהאָווענס בעטון
וואָלט איך אויפגעשפּילט די פריילאַכסטע יללה.
איך וואָלט באַשטעלט אַ דריי־בינע פון עמבער
דראַפּירט מיט ווייכן דורכזיכטיקן לעווענדער,
אין דער מיט — אַ שוואַרצן פּעדעסטאַל,
אויף אים — די ליבסטע גראַציעס מיינע דריי:
די סענסועלע זעל פון עמאַ באָוואַרי,
די יסורים׳דיקע טעם פון דוברוויל
און די לב־שמים׳דיקע אַנאַ קאַרענינאַ. —
זאָלן זיי זינגען דאָס ליד פון אומשטערבלאַכקייט
הויך־גרוים־טיף געזאַנג צו דיר —
וואָס איז איבער דיר.

דערנאָך, דיין ענטפער צו זיי אַלעמען;
דיין פינגערן צום עניגמאַטישן אַראָפּ,
קיין אַנטרינונג איז ניטאָ, —
(דער נביא פון תרשיש איז אויך ניט ווייט געלאָפן,
פאַרן שפּענצער האָסטו אים צוריקגעבראַכט)
פון דאַנען הויבט מען אָן:
טראָט נאָך טראָט.
ביים impass בלייבט מען שטיין, —
אַראָפּ. —

און אַז דער טרויער וועט אַ בים טאָן מיט אַלע ציין,
איז דאָס נאָזטיכל צום מויל —
און שאַ.
איצט, דאָ, אַפּלאָדירט מען ניט.

—3—

## פייער - פליגן

ווען איך בין אַזוי וויכטיק ווי שעקספּיר,
וואָלט איך אייפּעריק דערמאָנט
(אָן פּאָמפּ און אומשטאַנד)
די, וואָס זיינען דאָ כאָטש האַלב געווען,
געפינצטערט אין דער זון,
געבלענט דעם קורצן צאַנק —
ווי פייער-פליגן — צעטרענצלט גאָלד און גראָז.

ווייסט דער גוטער יאָר פאַרוואָס
זיי גייען ניט אַריין אין די אַנאַלן
פון ספערם און מיקראָב ;
זיי האָבן דאָך דיר אויך געצאָלט
מיט זיך.
פאַרוואָס? — אפילו פרעגן ניט געוואָלט.

—4—

## פרינצעסן עקס...

הינטער דיר, דער שטורם־מאַכער וואַרנט אין טרומפּייט.
הינטער מיר, דער האַלב־נאַר פּאַזירט ווי אַ „מענטאַר”;
דער שטורעם קומט נאָך ניט, די מעגלאַמאַניע גייט,
און ביז דול צו ווערן פון דעם מאַלפּן־כּאַר.

דיין לעצטער שומר שטייט געפּלעפּט ביים ציטער פון דיין ברעם,
וואָס קומט פון שרעק, ווי דער וואָס זעט זיך אין אַ שוויין־געמעל.
אַט רייסט מען שוין דיין שלעפּ אַראָפּ און אויך דיין דיאַדעם,
כּאַטש גיי פאַרדינג זיך פאַר אַ וויין־מויד אין האָטעל.

עס זעט דיך קיינער ניט אַזוי ווי איך זע דיך און הער —
פון פאַלדיקן מוזעאום־שטויב, אויף בראָנז און פּאָרצעלאַן
גייט אויף צו מיר דיין פיינגעוויין ווי דורך אַן אָרגל־רער;
ווי טיף אָבער דיין בראָך דערפרייט דעם בלוטיקן פּראָפאַן.

זאָל דיר דערפאַר נאָך ליבער זיין מיין וואָרהאָפטיקע טרייסט
וואָס צאַפּלט ווי אַ שמעטערלינג אויף אָוונדס שווינדל־ווענט.
דעמאַסקיר, ווי איך, די נעכט און זאָג: ניט, ניט אויסגעלייזט
זאָל ווערן דער וואָס האָט פאַרהערט דעם איינזאַמענס לאַמענט.

# פון א פרוים אלבאם

—1—

ער איז געווען אַ יונגער שוסטער
מיט שוואַרצע קרויזן, ווייסע ציין,
און איך — אַ בוגרת און אַ מוסטער
פון אַ מיידל וואָס איז שיין.

ער פלעגט מיר אויף די אויגן קושן,
גלעטן מיך מיט הייסע הענט;
באַרירונגען ווי אָקריפּ־טושן,
און האָב זיך ווערן ניט געקענט.

און איינמאָל אין אַ בלויער נאַכט,
ווען בענקשאַפט טורעמט אויפן שוועל —
האָט ער מיר אַ רויז געבראַכט
און שיכעלאַך פון שעפּסנפעל.

די רויז איז גיך פאַרוועלקט געוואָרן.
די שיכעלאַך — געווען צו קליין.
מיין שוסטערל איז אָפּגעפאָרן...
און איך בין עלנט ווי אַ שטיין.

—2—

איך וואָלט געקענט מיט דיר זיך טיילן
ווי אַ מאַמע מיט איר קינד,
און אין מיין צוטרוי ניט פאַרהוילן
רעשטלאַך פון מיין יוגנט-זינד.

ווען דו וואָלסט נאָר געקענט באַנעמען
דאָס הארבע וואָרט וואָס ווערגט אין קעל;
זיך ניט שרעקן און ניט שעמען
ווען טרערן וועלן פליסן שנעל.

וואָלט איך אין ווערטער צוויי געציילטע
(איין וואָרט וואָלט אפשר אויך געקלעקט),
ווי אַ וואונד אַן אָפּגעשיילטע —
דעם אמת נאַקעט אויפגעדעקט.

נאָר דו ביסט יונג, ביסט שטאָלץ און זיכער.
צווייפל קומט ערשט שפּעט און מאַנט.
זוך, מיין קינד, געפין אין ביכער
וואָס איך האָב זאָגן ניט געקאָנט.



# אַ מאַמעס קלאָג

אויף דיין קבר ליג איך אויסגעצויגן,
איך נעם אַרום דיין בערגעלע ערד.
מיינע הענט זיינען שווער און לאַנג געוואָרן,
זיי האָבן דיך נאָך קיינמאָל ניט געגלעט דורך ערד.
אַ קינד מיינס, דורך טרערן זע איך דיך נאָך
ווי דורך אַ לאַנגער שטראַלנדיקער רער;
דו שווינדסט, דו שווינדסט, באַלד זע איך דיך ניט,
אָבער דיין חלום גייט נאָך אָן:
דו שמייכלסט מיט צוגעמאַכטע אויגן,
די הענט אויפן ברוסט איבערגעקרייצט,
אויפן קאָפּ אַ ציכטיק באַנד —
אַזוי האָב איך דיך אויסגעריכט.

אַ ווערים, ווערימלאַך — פאַרנעמט מיינע רייד:
איר ווערט באַלד טייל פון מיין לייב,
ווען איר גרייכט דאָס האַרץ פון מיין קינד —
ווענדט זיך אָפּ! ווענדט זיך אָפּ!
לאָזט פלאַץ פאַר אַ וואָרצל אַ דינס,
אַ בלום אַ וויים זאָל זיך שטרעקן צו גאָט
און ווייזן דאָס אָרט פון מיין קינד.

נו, גענוג, איך גיי. וואוהין זאָל איך גיין?
אַז איך קען ניט געפינען די טיר פון דער וועלט,
אַז גאָט איז אויך מיין שונא.



# די לעצטע בלום וועלקט אויך

אונטער נאַסן שווערן קופּער ווײַנען בוימער,
אין דינעם אומאַכט קניען גראַזן,
ביזן האַרץ האָט רעגן דורכגענעצט די ערד.
עס איז האַרבסט — דערמאָן איך דיר, מײַן ליבער,
נאָך האַלט איך דאָס גליענדיקע ליכט פון מײַן נשמה
גרייט פאַר דיר, שיינער און אינטימער.

איך ווער אויסגעלאָשן.
שטויב בין איך אָן דיר.
איך ווער צעשאָטן אין דער פינצטער.
איך בין האַרבסט־קראַנק.
שטערנצינדער, קום מיט דײַן הייל־געטראַנק.
איך ווער פאַרצערט פון בענקונג.

בלייענער הימל, פאַל אויף מײַן קאָפּ.
אויף וואָס דאַרף מען אַ האַרץ?

## האַרבסט

ווייט, ווייטער פון דער לבנה,
טיפער פון דעם פאַרזונקענעם רעגן
איז אַוועק דער פרילינג.
ער האָט אַלץ מיטגענומען.
איצט איז האַרבסט אין קילן קופער.

דאָס וועלקונג פון האַרבסט איז פול און טיף:
קאַלטער פייכטער הויך פון גערטענער נאָך רעגן
חלף׳ט איבער בראָנזע פלאַכן און צווייַגן,
בלייכער בורשטין גלימערט אויף די דינע בוימער —
פלעק אויף פלעק ווי פלאַצנדיקע זייפנבלאָזן.
פאַרטיליקט איז דער גלאַנץ פון גרינס,
פאַרשטומט — די ברייטע וואַלד-מעלאָדיען,
דער זיסער ריטם פון אינסעקטן.
טויט איז דער הייליקער אָנטהעם.
די געלע לבנה מעדעטירט אין הימל, —
ווי אומעטיק זי קוקט אין זילבערנעם וואַסער.
דער טרויער שטראָמט אויף דער נאַקעטער ערד.
איינזאַם איז די נאַכט.
דו — מיין נשמה.

# דריי...

ער איז אַלט און סטעריל,
און זי — מאַמע פון צוויי;
און רעט זי פון זיי —
איז פּאַרכטיק און שטיל...

נאָר דער פרעמדער פון ווייט,
ווי אַ גאָלדענער שפּין.
וואָס קומט ער אַהין
ווי פּלאָם אונטער זייד?...

ער איז אַלט און געניט,
זי איז יונג און סובטיל;
סאַראַ גרויזאַמע שפּיל...
און — מ׳דולדט זאַלבעדריט...



## אַ שיינער טאָג

רויטע רונדן, פייער-קוואַלן,
אויסגעשרויפטע טרעפּ פון גאָלד,
פאַרבגרייכע גלי - מיראַזשן
אויפן הימל אויסגעמאָלט.

דינע ווייכע ווינטן ווייען,
גלעטנדיק דאָס גרינע גראָז,
בליטן-שנייען, נעפּל-שלייער
אויפן טייך אין עמבער-ראָז.

ווייסע ענטלאַך ווי פאַרגאַפטע
שווימען, קוקן אין דער ווייט;
אַ פויגעלע פון פערנאַמבוקאָ
זינגט דאָס ליד פון פאַרונג-צייט.

גאָלד פון זון אויף פלעק פון שאָטן,
דימענט ציטערט אויפן טוי;
זון, דעם טאָג ווען איך וועל שטאַרבן
קום — פאַרשפּיל מיך אויך אַזוי...



# I

## צום ניט געפונענעם



# II

## אונטער דער לאַסט



# III

## מיט פאַרלאָפענע אויגן

# IV

# אין אוונט-זון



# V

# בלוט טריפט — הייליק

# VI

## טריט אויף גלאָז